לייב מאָרגנטוי

# רוּאינען אין זון

לידער און פּאָעמען

פ אַ ר ל אַ ג „י י ד י ש - ב ו ך"

לאָדזש • 1949

געהייליקט דעם אנדענק פון

**די קדושים:**

מיין פאטער **אליעזר ברב יוסף**,

מיינע ברידער **אברהם** און **שרגא פייוול**,

מיין שוועסטער **טייבל**

מיט זייערע **משפחות** —

אומגעקומען דורך די הענט פון די

היטלעריסטישע רוצחים אין די יארן

1941 - 1942 אין פינסק:

# ג. רואינען אין זון

## 22-טער יוני

צי האָט די נאַכט געוווּסט
און האָט פון אונדז פאַרהוילן,
צי שווער געוועזן איז דעם ווינט
פאַרטרויען אונדז דעם סוד...
נאָר ס'האָט דאָס האַרץ
נישט פאָרגעפילט די גרוילן,
וואָס דאַרפן געבן זיך,
ווי דונער-קלעפּ, אויף אונדז א שאָט.

מיר זיינען דאַן געזעסן שפּעט,
געווען צוגאַסט דער טאַטע, פריינט.
ס'האָט די עלעקטרי יום-טובדיק געשיינט.
אַ ווינטל די גאַרדינען האָט באַוועגט
און ווייך געגלעט.

דאָס ווינטל האָט געשמעקט
מיט דופט פון זומערדיקע בייטן,
מיט לעצטע ריחות פון זשאסמין,
מיט פריש-צעלאָזטע קווייטן,
מיט קאַרשן, וועלכע זיינען גרין
און הייבן אָן שוין
שעמעוודיק זיך רויטלען.

האלבע נאכט. מיר האָבן זיך געזעגנט אויפן גאנעק:
מאָרגן פאָרן מיר
אויף זומער־ווינונג קיין איוואניק.

ביינאכט איז גאָרנישט נישט געשען,
כ'האָב קיין שרעקלעכע חלומות נישט געזען.

און באַגינען —
די זון אין גאָלד האָט אָנגעצונדן די גארדינען,
געריסן זיך דורך פענצטער און דורך טירן,
געשטראַלט אין שפיגלגלאָז פון שאַפע
אין די הערלעכסטע קאָלירן;

די ראָזע קאָלדרע — אויפן בעט,
דער קלאָרער טישטעך — אויפן טיש;
ס'האָט אין פרימאָרגן־העלקייט
אַלץ געלויכטן אַזוי ניי און פריש.

אין אבאזשור עלעקטרישן האָט הימל־בלוי געציטערט,
און, ווי די עמאַזשערקע פול מיט ביכער,
מיין קאָפּ איז פול געווען מיט טרוימען,
און מיין האַרץ מיט לידער...

דאָס ווייב האָט פרישטיק צוגעגרייט,
און שמייכלענדיק בנעימות
געפּאָרעט זיך ביים זינגענדיקן פרימוס.

און איך — דערווייל די וואַזאָגעס האָב באַגאָסן
און זיך געפרייט:
ס'האָט זיך אָקאָרשט א נייאינק בלימעלע צעלאָזן.

אויפן טאַפּטשאַן איז צונויפגעדרייט דאָס קעצעלע געשלאָפן.

דאָס פענצטער איז געווען אָפן,
ס'האָט מיך אַ צי געטון צום דרויסן:
אַ נאַסן־קערער האָט דעם ברוק פאַרקערט.
ס'האָבן נאָענט־ווו זיך טענער פון אַ פאַטעפאָן דערהערט.

אַ פרוי האָט דורכגעטראָגן אַ בוקעט מיט רויזן.

פון ווייט געזילבערט האָט דער פינא־טייך:
אַ הייסער טאָג איז היינט,
און ס'וועט די פּליאַזשע זיין
מיט עולם רייך.

געשיינט האָבן וויטרינעס פון די קראָמען,
און זונטיקדיקע מענטשן־שטראָמען
געפלייצט האָבן אין קעגנאיבערדיקן פאַרק.

אין די אַלעען האָבן פּאָרלעך זאָרגלאָזע שפּאַצירט.
עס האָבן מאַמעס קינדער־וועגעלעך געפירט
און צו די עופעלער געלאכט.

איז ווער וואָלט דאַן געזאָגט,
איז ווער האָט דאַן געוווסט,
אַז נאָענט לויפן מאַמעס שוין מיט קינדער ביי דער ברוסט,
מיט האָר צעפּלאָשעטע
און וואַנזיניקע אויגן...
און רונד־ארום ישובים פלאקערן, ווי סטויגן.

אויף שלאָפנדיקע שטעט
אין זון־אויפגאַנג אין שיינעם
אַרויף זיינען די מערדער אומגעריכט,
און ערד און הימל אויסגעמישט איינעם...

ווי אַ וויכער איז די בשורה אָנגעפלויגן:
ק ר י ג !
און ס'האָט זיך אונטער פיס די ערד געטאָן א וויג...

פאַרלאָשן איז דער טאָג,
וואָס האָט נאָר וואָס געשײַנט:
מיט היים - באַטרערטן בליק
געזעגענען זיך פרײַנט.

אָ, זײַ געזעגנט, היים!
אָ, זײַ געזעגנט, גליק!...
מיר וועלן נאָך אין פרייד
זיך אומקערן צוריק!

דער ווילדער שונא גייט
צעטרעטן אונדזער פרייד,
פאַרווישן אַלץ, וואָס לעבט,
פאַרניכטן קינד און קייט.

טאָ זײַ זשע, האַרץ,
צום שווערסטן שטורעם גרייט,
אַז צען מאָל ווי זאָל זײַן דעם דולן פײַנט,
וואָס האָט די זון אונדז אויסגעלאָשן הײַנט!...

# כ׳האָב גערכטן נאָך געהאַט

כ׳האָב גערכטן נאָך געהאַט א היים —
פיר ווענט, א דאך,
איצט ליג איך אין א בארזשע
אויפן פייכטן דעק.
די בארזשע אָנגעפילט מיט האָלץ און זעק,
א הארטער פויסט צוקאָפּנס.
צי דארף א מענטש א סך?
ס׳איז נאכט געווען און טאָג,
און איצט איז ווידער נאכט...
די מענטשן ארום מיר,
ווי אָנגעשטאָפּטע זעק מיט צער,
מע ליגט, מע שווייגט, מע האָרכט...
קיין ריר, קיין שאָרך...
קיין פונק פון שיין —
אין הויכן פליען רויב - פייגל פון פיינט.

טיף עס אָטעמט אונטער אונדז דער פּריפּעט,
איבער אונדז עס אָטעמט שווער די נאכט.
עס קלאַפּט דאָס הארץ
און יעדער חוש איז וואך...

א ווינטל גיט א בלאָז
און אויפן ברעג עס טוט א שאָרך דאָס גראָז.
— אָ, ווינטל, זאָג,
וואָס האָט אונדז צוגעגרייט דער מאָרגנדיקער טאָג?
דאָס ווינטל שווייגט,
נאָר אָפּט
עס גיט א קינד א וויין פון שלאָף.
עס איז דער הימל שיין,
די שטערן ווינקען וואָס...
נאָר שווער איז היינט מיר זייער שפּראך פארשטיין — — — —

# דושנע טעג

דושנע טעג און ענגע פראכט־וואגאָנען,
יולי־זון אין בלויע הויכן ברענט,
ציען, ציען לאַנגע עשעלאָנען
קיין אופא, סאראטאָוו און טאשקענט.

האַרטע בענק, נאָך האַרטערע מעט־לעתן.
קעפּ אויף קעפּ, געפלאָכטן פיס און הענט.
אויגן האָבן שוין דעם טעם פון שלאָף פארגעסן
און פון דורשט און שטויב דער גומען איז פארברענט.

קלאַפּן רעדער און דעם טרויער וויגן,
פּעק פארפולט מיט וויי און בראָך פון היים.
ברומען יידן שטיל א נייעם איכה־ניגון,
יעדער ייד — אן אויסגעפליקטער בוים...

טרעפט מען זיך מיט צווייטע עשעלאָנען,
זוכט מען טרייסט, מע רעדט זיך אויס דאָס האַרץ.
יעדער זעט אין צווייטן מענטש זיין פּנים —
יעדעס פּנים איז פארקוילט און שוואַרץ...

דערפער, שטעט און רויכיקע וואָקזאַלן.
שטייט מען אָפּ אויף סטאַנציעס גאַנצע טעג.
ווערן עשעלאָנען אין דער ווייט פארפאַלן.
ווען זשע וועט מען קומען צו א ברעג?

פעלדער און ווינט און שטויב, און זון און כמאַרעס,
יעדער שטיקט אין האַרצן דאָס געוויין.
ציען עשעלאָנען קיין טאשקענט, סאמאַרע,
און די הערצער ציען צוריק אהיים — —

1941

# נקמה

איך לעב אצינד אין הייסן סאמאַרקאַנד.
ווער ווייסט, ווי לאַנג ס'איז מיר צו זיין דאָ נאָך פאַרבליבן?
פון הארצן דאַנק איך היים דעם זוניק־שיינעם לאַנד,
וואָס האָט אין אומגליק מיר א ווינקעלע געגעבן!

דאָך צאַנקט מיין הארץ פון בענקשאַפט צו דעם אָרט,
וואָס מיינע טרוימען און מיין קינדהייט אים געהערן.
מיין גוף איז דאָ, מיין הארץ איז שטענדיק דאָרט.
פארלאָפן איז מיין אויג מיט הייסע טרערן.

נאָר ווען די נאַכט פאַלט־צו, און כ'שלאָף א רגע איין,
פאַרגעס איך יענעם דונער פון האַרמאַטן,
פאַרגעס איך אַלע טעג פון גרויל און פיין —
כ'בין ווידער מיט די ליבסטע, מיט מיין טאַטן.

און אַלץ איז העל אַזוי, דער טיש איז שיין געגרייט,
עס לאַכט די זון אריין דורך אַלע שויבן,
און יעדנס בליק איז אָנגעפילט מיט פרייד.
איך קוק, איך קוועל און ס'לאָזט זיך גערן גלויבן —

דער טאַטע יונג און שמייכלענדיק און פריש,
די עלטער האָט אים גאָרנישט איינגעבויגן.
דער שוועסטערס ייִנגעלע, איך זעץ אים אויפן טיש
און קוש מיט ליבשאַפט זיינע בלויע אויגן.

נאָר ס'טרעפט אַמאָל — איך דרימל א מינוט —
אַן אַנדער בילד וואַקסט אויס פאַר מיינע אויגן:
די קעפ פון מיינע ברידער קייקלען זיך אין בלוט,
און אויף מיין טאַטנס האַלדז — א שטריק פאַרצויגן.

דאָן ציטערט אויף די נאכט פון מיין געשריי,
און ס'ביילן מיינע פֿויסטן זיך צוזאמען.
ס'בליצט אויף מיין צאָרן, ווי א שווערד פון שייד,
און כ'שווער דאָן בא דעם אָנדענק פון מיין מאמען:

ביי גאָר דער גרויסקייט פון מיין פרייען לאנד,
ביי אלע טייערסטע און ליבסטע נעמען:
פארגעסן ווערן זאָל מיין רעכטע האנט,
אויב כ'וועל ניט פאר דעם בלוט נקמה נעמען!...

סאמארקאנד 1942 י.

# צו מיין פענצטער קומט אַ שוואַלב צו פליען

עס מיגיען זיך די בערג אין גאָלד און בלוי,
מיט האָניק שמעקט דער ווינט, די מאַנדלבוימער בליען.
שטראַלט ווידער היינט מיין האָפענונג — באַגײַבענדיקער טוי,
צום פענצטער מײַנעם קומט א שוואלב צו פליען.

— פלי, שוועלבעלע, אריבער אין מיין היים
און גרים די לאָנקעס און די וועלדער און די טייכן,
און גרים די שליאַכן, יעדן קוסט און בוים —
אין ערגעץ איז נישטאָ צו זיי קיין גלייכן.

און כאָטש דער טאָג איז בלויער דאָ, ווי בלוי,
און וואונדערשיין די בערג און טאָלן גרינען,
דאָך — גאָך מיין היים = ערד בענק איך דאָ אַזוי,
אַז טאָג און נאַכט איך קען קיין אָרט זיך נישט געפינען.

אין העלסטן צווייט זאָל דאָרט זיך אויספּוצן דער סאָד,
און זאָלן זיך צעלויכטן אַלע בלומען,
כ׳איז נאָענט שוין פון אויסלייזונג דער טאָג —
מיט אָרעמס אָפענע צו זיי כ׳וועל ווידער קומען!

כ׳וועל קומען אויף די פליגל פונעם ווינט,
כ׳וועל קומען מיט די זיגערישע טאַנקען!
זאָל אָנטון זיך דאָס פעלד אין שענסטן גרין,
מיט זון און זאַפט זיך אָנגיסן די זאַנגען!

פלי, שוועלבעלע, אריבער אין מיין היים,
וועסט אפשר מיינע ליבסטע דאָרט געפינען?...
אויב ס׳ליגט מיין שטאָט אין חורבות — שטיין אויף שטיין,
דאַן זוך זיי דאָרט צעווישן די רואינען!...

צי הינטער שטעכעדיקע דראָטן ביי דעם פיינט,
געפין זיי, שוועלבעלע, און זאָלסט זיי זאָגן:
ווי מוראדיק עס איז ניטאָ זייער פיין —
זיי זאָלן שטארקן זיך און איבערטראָגן!

דערצייל זיי, אז איך לעב און בין געזונט,
נאָר ס'ווערט מיין הארץ פאר צער און וויי צעריסן:
איך זע דאָס בלוט, וואָס רינט פון זייער וווּנד,
איך הער זייער געשריי, וואָס פייניקט מיין געוויסן...

פלי, שוועלבעלע, די ליבסטע מיינע זאָג,
אז העלע, פרייע פרילינגס = ווינטן ווייען!
ס'איז נאָענט שוין דער אויסגעבענקטער טאָג —
צוזאמען גליקלעך וועלן מיר זיך פרייען!

נאָר אויב... נאָר אויב זיי לעבן שוין ניטאָ מער...
אָ, ניין! אָ, ניין, — כ'האָב מורא גאָר צו טראכטן...
איז פלי, מיין שוועלבעלע, ווישט אָפּ מיין טרער,
דיין קומען כ'וועל מיט אומגעדולד דערווארטן!...

סאמארקאנד, מארט 1943

# דאָס טייערסטע פאַר מיר

דאָס טייערסטע פאר מיר, דיין בילד, האָב איך פארלאָרן,
ווי כ'האָב פארלאָרן אלץ אין יענער וויסטער נאכט...
פארלאָרן כ'האָב דיין בילד, נאָר קלאָר אין מיין זכרון
דיין איידעלע געשטאלט א לעבעדיקע וואכט:

דיין פנים דאר און בלייך, די באקן איינגעפאלן.
די איידל = דינע נאָז מאכט ווייכער נאָך דיין בליק.
האָסט יונגערהייט געדינט אין פרעמדע רייכע זאלן
און קיינמאָל נישט געוווּסט פון אייגן גליק.

אויף ליפּן דיינע שוועבט א ווייטיקדיקער שמייכל,
צעאקערט איז דיין הויט פון קראַנקייט און פון נויט.
האָסט קינדער אויסגעהאָדעוועט מיט דיינע שוואכע כוחות,
געהאָפט פון זיי דערלעבן אביסל נחת, פרייד.

און האָט ביי דיר פּאסירט — א קינד איז קראנק געוואָרן,
אזוי ווי ס'אויג אין קאָפּ דו האָסט עס אָפּגעהיט.
ביסט גרייט געווען אים שענקען אלע דיינע יאָרן —
און האָסט עס מיט דיין אייגן לייב פון טויט באשיצט...

דו האָסט געהונגערט אָפט. דיין רו פלעגן פארוויגן
דעם טאטנס האמער = קלעפּ ביים שוסטערשן ווארשטאט.
דו האָסט א לעבן לאנג מיט בלוט געשפּיגן,
און זיך צו ראטעווען קיין וועגן נישט געהאט.

האָסט איינגעאָטעמט רויך מיט דיינע קראנקע לונגען
און שימלדיקע לופט פון פייכטע קעלער = ווענט.
ס'איז זעלטן ווען די זון צו אונדז אריינגעדרונגען,
האָסט קיינמאָל דאָרט דעם בלוי פון הימל נישט געזען.

און אלץ, וואָס האָסט געדאַרפט, און אלץ וואָס האָט געפעלט דיר,
געווען איז אזוי פיל אויף אונדזער שיינער ערד —
סיי זאַטער טיש, סיי זון, סיי גרינע נאָדל - וועלדער, —
גאָר דו האָסט נישט געהאַט אויף אָט דעם אלץ קיין רעכט.

און ווען די פרייהייטס - זון האָט זיך צו אונדז באַוויזן.
און ווען עס האָט די פרייד אונדז אָנגעקלאַפּט אין טיר,
האָט אומגעריכט דער טויט דיך, ווי אַ בוים, פאַרשניטן
און אין די שענסטע טעג אוועקגעריסן דיך.

גאָר ווייל איז, מאַמע, דיר, וואָס דו האָסט נישט דערצויגן.
און צען מאָל ווילער דיר, וואָס דו האָסט ניט דערלעבט
צו זען דעם גרויל, וואָס כ'האָב געזען מיט מיינע אויגן,
ווי ס'ווערן צאַרטע עופעלעך געקעפּט.

ווי ס'הוליעט אונדזער פּייניקער מיט ווילדן תענוג,
ווי ס'בושעוועט זיין שווערד, ווי ס'ווילדעוועט זיין קנוט,
ווי ס'ווערן פעלקער מערדערלעך פאַרפּייניקט,
ווי טייכנווייז עס גיסט זיך יידיש בלוט...

וואָלט איך דיין בילד געהאַט, צום האַרץ וואָלט איך עס דריקן,
און ס'וואָלט אין שווערע טעג א טרייסט פאַר מיר געווען.
איצט שפּיגלט זיך די נאַכט אין מיינע פייכטע בליקן
און ס'זאַפּן איין מיין ווייַ די שטומע ווענט...

סאַמאַרקאַנד, 1942 י.

# איך בין געווען אין פּאַרק

איך בין געווען אין פּאַרק, עס האָט געשפּילט מוזיק,
די טענער האָבן טיף מיין האַרץ צענומען.
אַקאַציע האָט געבליט... און טעג פון ווייטן גליק
אין מיין זכרון זיינען העלע אויפגעשווומען,
ווי ערשטע צאַרטע, פריילינגדיקע בלומען...

אָט איז מיין היים = שטאָט, אָט — דער באַרג, דער גרינער.
פּאָלעסיער פריילינג = נעכט, וואָס זיינען אַזוי שיין!
די וועלדער טונקעלע, די זילבערדיקע פּינע,
די סעדער רויטיקע, די מיידלעך — מלא = חן.
עס האָט מוזיק געשפּילט, און ס'האָט דאָס האַרץ געוויינט.

מיין ווייטע היים אין שיינע זומער = טעג —
עס שמעקט מיט פּאָלעסניק, מיט וואַלד און קאָנעשינע,
די דאַמפּערס רייכערן צעווישן ברעגן גרינע,
א באַרזשע שניידט אין וואַסערן א וועג,
עס טראָגן פישער = שיפלעך זיך צום ברעג.

אויף פּינא זוניקער פאַרחלומט שווימען פליטן,
דער ווינט כאַפּט אויף א פּויערישע ליד.
די טאַטעס און די פעטערס — פּראָסטע יידן,
אַרומגעבונדענע מיט גאַרטלען און מיט שטריק,
אין שווערער פּראַצע זוכן זייער גליק.

אָט זיינען שוועסטער טייערע, און טאַטע = מאַמע ליבע,
און ברידער האַרציקע, און פריינט און גוטע פריינט.
מיט זיי אַדורכגעמאַכט אי פרייד, אי פּיין,
פאַר זיי האָב איך דאָס ערשטע ליד געשריבן,
וו כ'האָב געוואָלט די וועלט זאָל שענער זיין...

ס'האָט שטורעם בלוטיקער צעשיידט אונדז אומגעריכט.
זיך מיט די טייערסטע אפילו נישט געזעגנט...
און וויפל פּנימער כ'האָב זוכנדיק באַגעגנט,
נישט אָנגעטראָפן האָב איך ערגעץ קיין געזיכט,
פון די, וואָס זיינען מיר געווען — פון אויג דאָס ליכט...

אַמאָל פלעג איך אין שלאָף כאָטש טרייסט געפינען,
איצט ליג איך לאנגע נעכט — די אויגן וואך...
איצט גיי איך יעדע נאכט אראָפּ פון זינען,
איך זע מיין בלוט אין אלע גאסן רינען —
און ווייטער היים — פון האקנקרייץ באוואכט...

נאָר שטארק זיך, הארץ, דו זאָלסט עס איבערטראָגן! —
מיט בלוט פאר בלוט באצאָלן וועט דער פיינט!...
עס שפילט מוזיק, די טענער מאָנען, נאָגן
און טרייסטן, גלעטן, זייען הויפנס שיין:
אויף אונדזער גאס וועט ווידער יום = טוב זיין!

סאמארקאנד — יוני 1942

# אַ ברודער

ווען איך טרעף אָן אַ מענטשן אויף דער גאַס,
וואָס קוקט מיך אָן מיט בליקן טיף-צעטרודערטע,
עס איז זיין שמייכל טרויעריק און בלאַס —
דאַן שטעל איך אָפּ זיך און איך זאָג אים: ברודער!

איך פרעג אים נישט פון וועלכן קאַנט ער איז,
איך פרעג אים אויך נישט זיין פאַמיליע - נאָמען,
גענוג: איך הער, אַז ס'איז זיין היים פאַרוויסט
און אַלץ, וואָס טייער איז געווען זיין נשמה;

אַז ער איז אויך אַרויס בייגאַכט פון פלאַם,
פון נעגל רוצחישע, אַ גאַקעטער, אַ הוילער,
און אין זיין שטעטל צאַפּלט אויך, מסתם,
דער לעצטער ייד שוין אין די הענט פון קוילער;

און פונקט ווי איך, ער גוטיקט זיך אין טרייסט,
און פונקט ווי איך, ער קען זיי נישט געפינען,
די טייערסטע, וואָס ער געליבט האָט הייס...
פון צער און פיין ער גייט אַראָפּ פון זינען.

איז ווען איך הער דעם וויי-טיק אין זיין קול
און ווען איך זע דעם גלאַנץ פון זיינע טרערן,
דאַן הייב איך אָן צו פילן טיטאַמאָל,
איך בין נישט עלנט אינעם בראָך דעם שווערן.

עס גיט אַ וויי אויף מיר דער שטורעם - ווינט,
איך בין נישט איינער אין דעם צער און צאָרן.
און ס'דוכט מיר, אַז געפונען כ'האָב אין אים
אַ ברודער און אַ פריינט, וואָס כ'האָב פאַרלאָרן...

מאַי 1944 י.

# אָ, טאַטע מײַנער, טײַערער!

עס קען דאָך זײַן, אַז אין דער לעצטער רגע
אַרויס ביסטו פֿון שטאָט דורך ברענענדיקע שטיבער,
אַרויס ביסטו פֿון שטאָט דורך שטילע הינטערוועגן
און זיך געראַטעוועט פֿון גהינום האָסט, מײַן ליבער,
און כ'לייד אומזיסט און לעב אַזוי־פֿיל איבער.

עס קען דאָך זײַן, אַז מיך, דײַן ליבסטן זון,
דו האָסט שוין אויך אויף אייביק פֿאַר פֿאַרלאָרן,
און קראַנקער יעדן טאָג דו ווערסט דערפֿון
און דו פֿאַרשעלסט זיך דײַנע אַלטע יאָרן...
און פּונקט ווי מיר, איז האַלדז דיר שטיקט דער ביסן,
און אונדזער ביידנס האַרץ פֿון ווייטיק ווערט צעריסן.

עס קען דאָך זײַן — דו ביזט פֿון מיר נישט ווײַט,
אַז ס'וואָלט געווען גענוג די האַנט נאָר אויסצושטרעקן,
מיר זוכן זיך אַרום אַזוי־פֿיל צײַט
און מײַדן זיך גאָר אפֿשר אויף די זעלבע וועגן.

און אויך בײַ דיר, קען זײַן, איז שוין אַזוי דאָס גראָז,
און, ווען פֿאַרטאָג די בערג זיך צינדן אָן אויף ראָז,
מיט אומרו אין דער ווײַט עס בלאָנדזשען דײַנע בליקן.
כ'וועל אפֿשר מיטן ווינט אַ גרוס דיר שיקן?...
און בײַ די פֿייגל פֿרעגסטו נאָכאַנאַנד:
פֿאַרנעמען זיי ניט ווו מײַן טרויעריק געזאַנג?...

אויך דו, קען זײַן, קוקסט יעדן אָוונט אויפֿן זעלבן שטערן,
און ביידע הערן מיר נישט אויף דאָס זעלבע קלערן.
און ווען דער שטערן פּלוצלינג פֿאַלט אַראָפּ,
רײַסט זיך ביידן אונדז אין האַרצן עפּעס אָפּ...
און ווי אַ שטיין פֿאַלט אויף דער קישן שווער דײַן קאָפּ,
ביז אויסגעטריקנט ווערט דײַן קוואַל פֿון טרערן...

און דו זאָלסט ניט זיין, אָ, טאַטע מיינער, טייערער,
באַשווער איך אַלע וואַסערן, באַשווער איך אַלע פייערן
זיי זאָלן דיך פאַרהיטן פון אַלע בייזע פּלאָגן.
איך האָב דיר נאָך אַזויפיל, אַזויפיל וואָס צו זאָגן,
וואָס וואָלט געקענט דיין עלנט האַרץ דערקוויקן!...
מיר האָבן זיך אין אומגליק ניט געקענט געזעגענען,
איז מוזן מיר כאָטש איינמאָל נאָך, כאָטש איינמאָל זיך באַגעגענען
און איינעם דעם צווייטן היים צום האַרצן דריקן!...

סאַמאַרקאַנד מאַי 1944 י.

# באַלאַדע וועגן צווײ פּרײַנט

רויטער ווי בלוט האָט די שקיעה געברענט
איבערן וואַלד, וואָס אַהינטערן דאָרף.
מ'האָט אים געבראַכט מיט געבונדענע הענט —
אַ ייִדישן שלאַכטמאַן מיט זײַדענע האָר;

אַ רויטער אַרמייער, אַ יונגער פּילאָט,
אַ שלאַנקער, אַ שיינער, אַ ליכטיקער יונג;
זײַן קאָפּ איז געהויבן, און פעסט איז זײַן טראָט,
און שאַרף איז זײַן בליק, און פאַרשלאָסן זײַן צונג.

עס שרײַט מיט רציחה דער ווילדער מאַיאָר:
— דערציייל, וואָס דו ווייסט, דו פאַרשאָלטענער ייִד,
און זײַן וועט דײַן הינטישעס לעבן פאַרהיט! —
נאָר ס'קומט נישט קיין ענטפער... מע צופּט זײַנע האָר,

די ליכטיקע אָרדנס מע פליקט פון זײַן ברוסט,
מע ברעכט זײַנע פינגער מיט חיהשער לוסט,
אַ שטערן אַ רויטן מע שניצט אויף זײַן לייב,
און „סטאַלין" מיט גליענדע נאָדלען מע שרײַבט.

און ער איז דאָך איינער, בלויז איינער אַליין,
אַליין צווישן וועלף, מיט געפענטענע הענט,
איז וואָס בלײַבט אים מער, ווי פאַרקריצן די ציין
און ווערן פון האַס און פון ווייטיק פאַרברענט?!...

— נו, ענטפער! — ער קוקט אָן די רוצחים מיט גאַל
און גיט אין די חיהשע צורות אַ שפּײַ.
מע פייניקט אים ווידער. פאַרחלשט ער פאַלט.
מע מינטערט אים אָפּ, און מע שלאָגט פונדאָסנײַ.

און דאַן ווען פאַרנעפּלט עס ווערט זיין פאַרשטאַנד,
דערזעט ער זיין היים־שטאָט מיט ווילדער צעגרינט,
און זוניקע סעדער... און ער איז אַ קינד...
די מאַמע מיט ליבשאַפט אים טראָגט אויף דער האַנט.

זיין יוגנט, זיין ליבע — אַ גאָלדענע האַרף —
זי צויבערט אויף לאַנקעס פון היימישן קאַנט.
און ווידער דערוואַכט ער. דער ווייטיק איז שאַרף.
אין פלאַם און אין חורבות דערזעט ער זיין לאַנד.

און ווידער אויף שייטערס דערזעט ער זיין פאָלק,
ווי וואַסער זיין בלוט אזוי הפקרדיק רינט.
עס קומען די קדושים פון ווייטן אַמאָל — —
און חנהן ער זעט מיט די ליכטיקע זין...

זיין מאַמע זיין טייערע... חנה זי הייסט...
איר ליבע צו אים, ווי אַן אוצר זי היט.
זי וואָלט אים איצט זיכער געשטאַרקט און געטרייסט:
„שטאַרב, קינד מיינס, אַזוי ווי אַ העלד און אַ ייד!...“

— — — — — — — — — —

אין זון־אונטערגאַנג — יעדע באַמע און פלויט,
דאָס דאָרף גיט איינגלאַנצן אַ ציטער פון גרויל,
און הינטער אַ שייער פאַרטייעט — אַ פרוי,
מיט וואַגזין אין בליק און מיט שוים אויפן מויל.

איר האַרץ ווערט משוגע פון האַס און פון פיין.
אויך זי האָט אַ זון אין דער רויטער אַרמיי.
... קען זיין ער איז אויך איצט אין הענט ביי דעם פיינט,
און איצט גייט ער דורך אָט דעם גרויזאַמען ווי

און ס'ברעכט אים נישט איין נישט די פיין, נישט דער שפּאָט.
זי קוקט אויף דעם העלדישן רויטן פּילאָט,
און ס'דוכט איר, אַז דאָס איז איר אייגענער זון.
און שניידט מען זיין לייב, טוט איר ווי יעדע וווּנד.

מיט כוח האָט פֿאַרהויבן זיין שווערד,
און ס׳וואַקסט אויס די פֿרוי, ווי פֿון אונטער דער ערד.
— לאָז אָפּ! — שרייט זי אויס — עד, דו דײַטשישער שווײַן!
און ס׳פּליט אים אַ שטיין אין דער צורה אַרײַן — —

עס רינגלען פֿינף שפּיזן ארום זי, די פֿרוי,
די רוסישע פֿרוי, וואָס צעקנייטשט איז און גרוי,
מיט מונטערע אויגן אַ שטאָלצע זי שטייט —
איר האַנט האָט באַצאָלט, און איר האַרץ איז געטרייסט.

— אָ, מוטער! — מיט גרויל דער פּילאָט קוקט זי אָן —
ס׳דערוואַרט דאָך אונדז ביידן דאָס זעלבע אַצינד! —
זי ענטפֿערט: — דײַן מאַמע וואָלט אויך אַזוי טאָן
און כ׳בין דאָך אַ מאַמע, כ׳האָב אויך דאָך אַ קינד!

דאָס שטעטל צום וועלדל איז שמאָל און איז קליין,
צעצווייגט איז און מעכטיק דער אוראַלטער בוים,
אויף וועלכן מע גרייט אוצט די תּליות פֿאַר זיי.
עס טוישן זיך בליקן מיט ליבשאַפֿט און ווײ...

זי ווישט אים אָפּ צאַרט פֿון זיין פּנים דאָס בלוט,
אים דוכט, ער איז ווידער אַ ייִנגל אַ קליינס,
און איצט איז זיין טייערע מאַמע אליין
געקומען אים שטאַרקן אין לעצטער מינוט...

זי נעמט אים אַרום, זיי צעקושן זיך שטיל
און שטאַרבן אײנייִנעם, ווי מאַמע און זון.
... און צאַרט האָט די הייליקע קערפּערס פֿאַרהילט
מיט פֿלאַמיקער פֿאָן די פֿאַרגייענדע זון.

און מער האָט די זון דאָרט נישט אויפֿגיין געוואָלט,
כאָטש לאַנג האָט אין דאָרף שוין געטימט די נאַכט,
ביז ס׳האָט דאָרט אַ האַנט פֿאַרן בלוט אָפּגעצאָלט,
און בלומען צו זיי אויפֿן קבר געבראַכט...

סאַמאַרקאַנד, 1944 י.

# באַלאַדע וועגן מײַן טויטער מאַמע

„קול ברמה נשמע —
רחל מבכה על בניה...“

מיין מאַמע, עליה השלום, אַלע יאָרן
געטרוימט האָט פון א ווינקל אין גן־עדן.
אויף צדקה־געלט דעם ביסן פלעגט זי שפּאָרן.
דערפאַר איז גרינג געווען איר מיט דער וועלט זיך שיידן.

... נאָר איר חלום נישט געוואָרן איז מקוים —
אומזיסט זיך אין תעניתים אויסגעלייטערט —
געקומען זיינען בייזע, שוואַרצע בּרואים
און פון דעם קבר זי אַרויסגעשלײדערט.

עס איז איר נישט באַשערט געווען קיין רו צו האָבן
אפילו אין דעם שטילן שאָטן פון בית־עולם —
אַרויסגעיאָגט די טויטע און באַגראָבן
האָט מען דאָרט אַ לעבעדיקן עולם.

איז בלייבט זי שטיין, די אויגן פול מיט טרערן.
נע־ונד. עס איז איר וויסט און ביטער.
נאָכן טויט — וווהין זאָל זי זיך קערן?
אפשר נאָר אַהיים צו מאַן און קינדער?...

אהיים — א קוק טאָן, וואָס זיי מאכן
די אייניקלעך די ליבע, צי זיי שלאָפן?
אַ רואיק ווינקל, וווּ זיך צוצושפּאַרן,
וועט זי דאָך געוויס דאָרט האָבן!...

און איר געשטאַלט וואָס פלאַטערט אין דער פינצטער,
שלייכט אין שטוב אַריין זיך — נישט צו וועקן
איצט דעם מאן און אירע ליבע קינדער,
און די אייניקלעך חלילה נישט דערשרעקן.

אַ וויפל כוחות און געזונט דאָ אָפּגעגעבן,
ס'איז יעדעס ווינקל אייגן איר און טייער.
אַזויפיל טרערן דאָ פאַרגאָסן אין איר לעבן,
און וויפל שמחות און יום-טובים דאָ געפייערט!

איז... קען עס זיין די מאַמע זאָל פאַרבלאָנדזשען?...
צי מישט זיך איר פון מידקייט אין דעם זינען?...
זי זוכט אומזיסט אַן אייגן פּנים,
עס קען די מאַמע קיינעם נישט געפינען — — —

די ווענט באַפאַרבט מיט פלעקן רויטע.
די טירן אָפענע, פאַרהאַקט די לאָדנס.
בלאָנקעט זי אַרום איבער אַ שטאָט אַ טויטער
צעווישן אַש און קויל און שוואַרצע שאָטנס.

זי ווייסט שוין מער קיין רו נישט האָבן,
עס איז אַזוי צעוווגדיקט איר נשמה.
איין-אַליין. איבער אַ שטאָט, וואָס איז באַגראָבן,
גייט זי אום דאָ, ווי אַ ריכטער, ווי אַ מאָנער.

זי זוכט די אַלע קברים פון די ליבע,
דעם אַש פון טייערע פאַרברענטע ביינער —
הערט זי קינדער רופן פון די גריבער,
זי הערט פון קברים חופּה-פידלען וויינען.

אוי, מזל-טוב, א כשר-טאַנץ — די מיזינקע אויסגעגעבן!...
אַ מאַמע זים פאַרוויגט איר קינד מיט „ראָזשינקעס און מאַנדלען..."
עס צאַפּלען אין די גריבער לעבנס
און זייער גאַנצן יאָמער הערט מיין טויטע מאַמע.

און איר געשריי צערייסט ביינאַכט די הימלען,
ווי דער מוטער רחלס „קול ברמה".
זי באַוויינט די אומגעבראַכטע קינדער
און די וואָס לעבן רופט זי צו בקמה...

סאַמאַרקאַנד 1944 י.

# באַלאַדע וועגן דרייצן

ניט ווייט פונעם צווינטער — אַ בונקער אין פעלד,
דער בונקער — מיט ביימלעך און קוסטעס פאַרשטעלט.
דאָרט ייִדן געציילטע, בלויז דרייצן, ניט מער,
באַהאַלטן זיך אויס אין דער טיף פון דער ערד,
און שמאַטעס די לייבער, זיי זשיפּען שוין קוים.
און קומט אָן אַ נאַכט, ווען דער הימלישער רוים
באַדעקט איז מיט וואָלקנס, זיך ווייזט אַ געשטאַלט,
אַ צווייטס און אַ דריטס, און זיי פּויזען צום קוואַל,
און מענטשן פאַרשמאַכטע — אין חושך דערשטיקט —
אַ ביסעלע וואַסער און פרישקייט דערקוויקט.

אַמאָל אין דער שטילקייט, אין נאַכטיקן טוי,
קומט צו צו דער גרופּע אַ רוסישע פרוי,
כאָטש שטרענג אויף די וועגן עס לויערט דער טויט,
זי ברענגט אַ געקעכטס זיי, זי ברענגט זיי אַ ברויט
און ברענגט זיי אַ טרייסט־וואָרט אין פינצטערער נאַכט,
אַ ליכטיקן גרוס פון דער הייליקער שלאַכט.

עס שלאָגט ווו רעם פיינט די געררעכטיקע שווערד.
עס שמאַכטן דאָ מענטשן דערווייל אין דער ערד.
עס טאָר ניט צו קיינעם דערגיין זייער הויך.
אין דרויסן איז פרילינג, עס בליט און עס לויכט.
פון אויבן פאַרגייט און עס גייט אויף די זון,
און זון־שיין די פעלדער זיי מיניען זיך בונט,
די לאָנקעס — מיט בלומען מיט פאַרביקע רייך,
עס וויגט זיך דער הימל אין שוים פונעם טייך,
און פישלעך אין וואַסער פריי טאַנצן אַרום.

עס גייגן די ווינטלעך אַ בלום צו אַ בלום,
און פלאַטערלעך שוועבן אין טיף־בלויען רוים,
און שוועלבעלעך שפּרינגען אויף יעטוועדן בוים,
און טייבעלעך וואָרקען, און בליציק אַ האָז
פאַרשווינדט אין די פונקען פון טויאיקן גראָז,
עס שפּילט אַ האַרמאָניק, אַ פאַסטוכשע פלייט,
אַ קעלבל זיך פיטערט, שפּרינגט אונטער פון פרייד.

...פאַרגאַנגען איז טאָג, און געקומען האָט נאַכט,
און ס'האָבן זיך מענטשן אין חושך דערוואַרט.
און ס'האָבן די מענטשן אין טיף פון דער ערד
דעם שאָל פון נצחון און פרייהייט דערהערט.
און ווידער זיי האָבן דעם הימל דערזען.
און ס'האָבן זיך ברידער מיט ברידער דערקענט.
און ס'האָבן זיך ברידער מיט ברידער געהאַלדזט.
און אויגן האַלב־טויטע דערציילט האָבן אַלץ...

איצט טראָגן זיך רייטער נאָך פליגקער פון ווינט,
און ס'פלאַטערט אין צאָרן די זיגרייכע פאָן.
זיי רואיק מיין האַרץ, און זיי רואיק, מיין קינד,
דער ליכטיקער טאָג פון דערלייזונג קומט אָן!...

אָקטאָבער 1944 י.

# כ'האָב פאַרפלאַנצט אַ ביימעלע

אויף די לאַנקעס זוניקע
יונגע ווינטעלעך שפּילן.
אוי, ווער האָט עס מיר געבראַכט
היינט דאָס ווילדע גריוול?

ס'רופט מיין טייערנס געביין
צווישן די טראַנשייען.
ס'וועט מיך שוין זיין זיסער בליק
קיינמאָל נישט דערפרייען.

ס'וועלן שנייען פאַלן נאָך,
ס'וועלן ליכטן בלומען,
נאָר צו מיר מיין טייערסטער
וועט שוין מער נישט קומען.

כ'האָב פאַרפלאַנצט אַ ביימעלע
אויף מיין ליבסטנס נאָמען,
אפשר וועט אַביסל טרייסט
געפינען מיין נשמה?

אין אַדורך דער פרילינג שוין
אַ ליכטיקער, צעגרינטער,
נאָר מיין ביימל נאַקעט שטייט,
ווי אין מיטן ווינטער.

ציטעריקן די סעדער שוין,
ס'ווערן געל די באַרן,
נאָר מיין ביימל שטייט פאַרשעמט,
הערט גיט אויף צו האַרן.

האָב איך קוואַל־וואַסער געבראַכט
און געפּרוווט באַגיסן,
נאָר מיין בוימל טריקנט אַלץ,
ס'ווערט דאָס האַרץ צעריסן.

מיט מיין אָטעם עס באַהויכט,
באַגעצט מיט מיינע טרערן,
נאָר דאָס טויטע ביימעלע
וויל לעבעדיק נישט ווערן.

פרעג איך ביי די שוועלבעלעך,
פרעג איך ביי די קווייטן,
אָבער קיינער קען מיר נישט
דאָס רעטעניש באַשיידן.

פרעג איך ביי די חברטעס,
פרעג איך ביי דער מומען,
ביז עס איז מיין טייערסטער
צו חלום מיר געקומען.

זאָגט ער צו מיר: „ליובעניו ,
די טרערן זאָלסטו פאַרווישן,
נאָר מיט בלוט פון שונאס האַרץ
דאַרף מען עס באַגיסן!

וועט עס נעמען אויפלעבן,
וועט עס נעמען גריבען,
וועט דיין טריי און ערלעך האַרץ
דאָן אַ טרייסט געפינען".

מאַי 1944 י.

# פרילינג

און ווידער איז פרילינג. ס'איז זוניקער מארט,
און אַלץ איז מיט גאָלד און מיט בלוי דאָ באַגאָסן.
די ווייַנגערטנער האָבן צעגרינט איבער נאַכט,
מיט ראָזלעכן צווייט זיך צעבליט אַבריקאָסן.

און ווייט אין מיין היים — שטאָט איצט טייעט דער שניי,
און ליכטיקע טרערן עס קאַפּען פון סטריכעס,
דער ווינט האָט פאַרוואָרפן זיין טרויעריקע פלייט,
און ס'קומען פרימאָרגנס מיט וויכטיקער שליחות.

עס טראָגן זיך שטראָמען דורך גאַסן צום טייך,
זיי טומלען, זיי רעשן, דעם חושך זיי שווענקען.
די זון פון די פינצטערע וואָלקנס זיך רייסט —
אין הערצער צעוואונדיקטע היילונג צו ברענגען.

און ס'וועקט אויך פון שלאָף זיך די פינא אַצינד:
געמוזט האָט זי ווינטער די אויגן פאַרמאַכן,
ווייל, וואָס זי געזען האָט, איז ווי איר און ווינד...
איצט ברעכט זי די קריעס, זיי פּלאַצן און קראַכן.

צעהיצט איז דער אָטעם, די לופט איז צעגליט,
און ס'פלייצן די מאַסן פון וועלדער, ווי שטראָמען,
און ס'דוכט זיך: די וועלדער אליין גייען מיט,
די וועלדער אליין גייען נעמען נקמה.

פון פינא צום בוג און פון בוג ביז צום ריין —
פון רוצחישן בלוט וועלן רויט זיין די טייכן.
און אויפגיין א פרילינג וועט איצט אין מיין היים,
א פרילינג, וואָס האָט נאָך געהאַט נאָך קיין גלייכן!

סאַמאַרקאַנד, אפּריל 1944.

# די לעצטע שלאַכט

ניִשט פון אַקער דער בלאַנק, ניִשט פון טראַקטאָר דער רויש,
ניִשט קיין פויער עס גייט דאָרט מיט זריִעה אַ קויש
און מיט ברכה ער זייט דאָס צעאַקערטע פעלד,
כאָטש ס'איז פריליִנג אַציִנד אויף דער גאַנצענער וועלט.
ניִשט אויף פּאַשע קיין שאָף טרייבט אַ פּאַסטוך פאַרטראַכט,
און עס שמעקן ניִשט סעדער צעבליִטע פאַרנאַכט...

ס'איז דער בליץ פון גראַנאַט, ס'איז פון טאַנקען דער רויש
און פון לופט=שיפן שווערע, וואָס רייסן אַרויס
און זיי ווישן אַראָפּ פון דער ערד דער גאַנצע שטעט.
דאָס איז, מערדער, די פויסט, וואָס דיין שאַרבן צעפּלעט,
ס'איז דער שטורעם אויף דיר, ס'איז דער וויכער פון טויט!
ס'איז דער בלוטיקער שניט, וועלכן דו האָסט פאַרזייט!...

רונד = ארום קלעמט צונויף דיך א שטאָלענע רייף,
און אַלץ ענגער פאַרציט אויף דיין האַלדז זיך דער שלייף!
ס'איז דיין הימל אין פלאַם, און אין פלאַם איז דיין ערד!
אויב אַ מעקען פון שאָף אויף די פעלדער זיך הערט,
א ווייי = געשריי איז עס צו דעם באלעבאָס,
וואָס האָט אין געיעג זיי אויף הפקר געלאָזט.
מיט סמאַליגעס שמעקן די סעדער ביי דיר
און אויף הפקר צעפּראַלט זייגען טויער און טיר...

ניִשט קיין היים, ניִשט קיין ווייב, ניִשט קיין קינד, ניִשט קיין ריִנד...
בלויז חורבן און אומקום און קיין זאַך ניִשט מער!
עס וועט קיינער ניִשט לעשן דיין שרפה אַציִנד,
און ניִשטאָ איז פאַר דיר קיין באַדויער, קיין טרער!...

ווייל עס האָט דיך קיין מאַמעשע טרער נישט גערירט,
ווייל עס האָט נישט גערירט דיך קיין קינדערש געשריי,
געקוויקט האָסטו זיך רוצחיש מיט מעגטשלעכן ווי —
דיין וועג איז מיט ביינער און שאַרבנס באַצירט.

יעדער שאָס אויף דיין ערד קלינגט, ווי העלסטע מוזיק,
יעדער שאָס אויף דיין ערד פילט דאָס האַרץ אָן מיט גליק...
געבענטשט איז די האַנט און געבענטשט איז די שווערד
וואָס ברענגען אַציינדער דעם בראָך אויף דיין ערד!

* * *

עס קומט נישט קיין שלאָף צו מיין אויג אין דער נאַכט.
מיט פלאַמיקן אומרו איך ליג און איך וואַרט,
מיט ציטער אין האַרצן, מיט פיבער אין בלוט:
נישט דורכלאָזן זאָל איך די גרויסע מינוט
פון העלסטן, פון שענסטן, פון גרעסטן סאַלוט...

1-טער מאַי 1945 י.

# כ'אייל זיך אָנשרייבן אַ בריוו

ס'איז מיין הארץ מיט שמחה פול —
פריי מיין היים איז ווידער!
ווילט זיך אָנשרייבן א בריוו
צו די ליבע ברידער.

ס'איז מיין קאָפּ מיט נעמען פול —
היימישע אדרעסן.
אלע שווידערן אצינד
גלוסט זיך מיר פארגעסן.

שיק איך בריוו נאָך בריוו אוועק,
פיבערט מיין נשמה —
כ'וואַרט און ענטפער קומען זאָל
מיט א ליבן נאָמען,

מיט א בילד א טייערס
און מיט שורות צאַרטע.
צאַפּלט העל מיין האָפענונג,
נאָר... אומזיסט מיין וואַרטן.

טרעף איך אָן דעם בריוו = טרעגער,
בעט איך מיט די בליקן,
אפשר וועסטו שוין מיין הארץ
ענדלעך הייַנט דערקוויקן?...

נאָר קיין ענטפער איז נישטאָ
פון די פריינט און ברידער...
וויפל בריוו איך האָב געשיקט —
כ'האלט אין האנט זיי ווידער.

קוק איך די אדרעסן אָן,
און איך שלינג די טרערן,
ביז איך פיל, אז פאר מיין בליק
פינצטער הויבט אָן ווערן...

קען איך גישט די פינצטערניש
פון מיין הארץ פארטרייבן,
ווייס איך מער גישט וואָס צו טאָן
און וווהין צו שרייבן:

אפשר צו די חורבעס אַש
פון די ליבע שטיבער?
אפשר צו די בערגלעך ערד
פון די קברים־גריבער?

צו דעם קויל פון שייטערן?
צו די וועלדער תליות?
צו די פייגל, וואָס אין שרעק
פלעגן זיך צעפליען?

צו די ווערעם, צו די שלענג
אין די טיפע היילן? —
אפשר וואָלטן זיי געקאָנט
עפעס מיר דערציילן?

ביז עס ברענגט דער שלאָף מיר טרייסט,
און אין חלום זיסן
קען איך ווידער גליק און פרייד
מיט די פריינט געניסן.

גאָר דער חלום דויערט קורץ
און איך וואך אויף ווידער,
און מיין אומרו און מיין ווי
זינג איך אויס אין לידער!

1944 — סעפטעמבער

# צו י. ל. פרץ

ווען אויפזאמלען וואָלסטו געקאָנט אַלע טרערן,
די זיפצן די שטילע, דעם יאָמער דעם שווערן,

דעם טויט פון די העלדן די גרויסע נשמות, —
אַ הערלעכן קראַנץ וואָלסט געהאַט פון מתנות!...

עס האָט זיך געדוכט, אַז נישטאָ איז שוין קיינער...
נאָר זע — אויף די חורבות, אין טאָל פון די ביינער,

אַ ייד ווייזט זיך ווידער — באַקאַנט איז זיין פּנים.
ער לעבט און איז דאָ אויף להכעיס די שונאים!

פונוואַנען געקומען? ווו זיך באַהאַלטן?
פון טויזנטער מיילן?... פון לעבער, פון שפּאַלטן?

פון טויזנטער-טויזנט פאַרבליבן איז איינער,
דאָס אומגליק צו זען און דעם בראָך צו באַוויינען, —

באַוויינען דעם בראָך... פונדאָסניי אָנצוהייבן
דאָס לעבן אויף חורבות מיט מוט און מיט גלויבן!

און ס'הערן די וויסטעס, די קברים מיט חידוש
די לאַנג-שוין פאַרגעסענע קלאַנגען פון יידיש...

פון מזרח אַ מיידל, פון מערב אַ יינגל —
און ווידער באַהעפט זיך אַ רינג צו אַ רינגל.

אויף ערדן, פונוואַנען פאַריאָגט איז דער טויט,
נעמט ווידער זיך שמידן דיין גאָלדענע קייט!...

סאַמאַרקאַנד. אפּריל 1945 י.

# II. מײַן זונעלע

## ס'איז אַ שמחה בײַ מיר

ס'איז א יום־טוב בײַ מיר, און די שמחה איז גרויס,
און פֿאַר שמחה עס שטראַלן די פֿענצטער פֿון הויז.

און די פֿרייד טראָגט פֿונאַנדער אויף פֿליגל דער ווינט:
א געוויגערגס קול און דאָס קול פֿון א קינד!

נישט פֿאַרווישט האָט דער פֿײַנט אונדזער שפּור פֿון דער ערד.
עס לעבט אונדזער פֿאָלק! אונדזער פֿאָלק זיך פֿאַרמערט!

ס'איז קיין ברודער נישטאָ, און קיין שוועסטער נישטאָ
זיך צו פֿרייען מיט מיר אין דער גליקלעכער שעה.

אונדזער אומגליק איז גרויס, און די ווונדן — אָן צאָל,
נאָר פֿון חורבן שטייט אויף, און ס'וועט לעבן דאָס פֿאָלק!

איז א מזל־טוב, פֿרײַנט, און זאָל גיסן זיך ווײַן
פֿאַרן זון, פֿאַרן פֿאָלק, וואָס וועט לעבן און זײַן!

# זײ אַ טרײסט מיר, מײן קינד

זײ אַ טרײסט מיר, מײן קינד, און מײן בלוטיקן װײ.
לעש מײן גליאיקן צער, מײנע װוּנדן פאַרהײל.

מיט אַ ציטערדיק האַרץ כ'נעם דיך, קינד, אויף די הענט,
און מיט זון און מיט ליכט פילן אָן זיך די װענט.

און איך פיל, װי מײן האַרץ גיסט זיך אָן פול מיט שײן —
זײ אַ טרײסט מיר, מײן קינד! זײ אַ טרײסט אין מײן פּײן!

אפשר װעסטו מיר, קינד מײנס, איצט אויפלעבן צריק —
מײן טאַטנס אַ שמײכל, מײן ברודערס אַ בליק,

מײן שװעסטערס געטרײשאַפט, איר ליכטיקן חן
און אַלץ װאָס געװען איז מיר טײער און שײן.

װיפל בלוט, אונדזער בלוט אײנגעזאַפּט האָט די ערד.
װיפל טעג האָב איך יאָמער־געשרײ נאָר געהערט.

װיפל נעכט און מײן האַלדז כ'האָב געװאָרגן די טרער
און געמײנט, אַז קײן שמײכל נישט זען כ'װעל שױן מער.

נאָר איצט איבער חורבן דײן שמײכל שײנט אויף,
און עס קלינגט דײן געשרײ, װי צום לעבן א רוף!

אויף די װעלט געבוירן איז איצט, װי א קינד,
און דאָס לעבן גײט אויף, װי א פרילינג צעגרינט!

איז װאַקס מיר, מײן קינד, און נעמ פון זײן בליק,
און באהעפט אויך מײן האַרץ מיט זײן שײנקײט צוריק!

# וואָס איז פון דעם הימל בלויער?

וואָס איז פון דעם הימל בלויער? —
דײַנע אויגן, טײַערע קינד!
וואָס איז שטאַרקער פונעם טרויער? —
אָט די פרייד, וואָס כ'שפּיר אַצינד!

רעדט דאָס קינד מײַנס: לע און לאַ,
ס'איז בײַ אים אַ שפּראַך אַזאַ:
לע הייסט: עסן, לאַ הייסט שלאָפן.
און די פענצטער זײַנען אָפן,
און מיט זון איז פול דער רוים;
ענטפערן מײַן קינד די פייגל
אויפן פרילינגדיקן בוים.

וואָס זשע רעדט מײַן זון אַצינד?
וואָס פאַרלאַנגט פון מיר מײַן קינד?
נישט קיין פּילקע, נישט קיין גלעקל,
נישט קיין שליטל, נישט קיין וועגל
נישט קיין פערד פון ערשטן סאָרט.
וואָס זשע וויל מײַן יינגל פאָרט?

לידער וויל ער הערן, לידער!
אַ געזונט אין זײַנע גלידער!
לידער שיינע און געזאַנג —
איז מײַן זונס גרעסטער פאַרלאַנג!
הערט ער זינגען — נעמט ער טאַנצן,
זײַנע אויגן פרייליך גלאַנצן,
הייבט צום טאַקט די פּיסלעך פליגט,
יעדער אבער אין אים זינגט,
כאָטש ער איז נאָך זייער קליין,
כאָטש ער קאָן נאָך גאָרנישט גיין...

ס'איז איבגעגאַנגען זיין פֿאַרמעג
פֿינף חדשים מיט צוויי טעג.

וואָס זשע נאָך האָט ליב מיין קינד?
מער פֿון אַלץ, וואָס איז אים טייער?
ליכט! — ער ציט זיך צו דער שיין,
ווי אַ שמעטערלינג צום פֿייער.

און אַז לידער, און אַז שיין —
ווייל מיין זון אין גאַס אַריין,
ווייל אינדרויסן, נעבן הויז,
זעט ער ווי די וועלט איז גרויס!
זעט ער ווי די וועלט איז פֿריי!
און פֿאַר אים איז אַלצדינג ניי.
קוקט ער לאַנג מיט חידוש אָן
אי דעם קרייענדיקן האָן,
אי דאָס הינטעלע וואָס בילט,
אי דאָס קעצל, וואָס זיך שפּילט.

נאַ דיר לידער, נאַ דיר שיין,
און די וועלט וועט דייַנע זיין!

# איך וויל זינגען דיר, מײַן קינד

איך וויל זינגען דיר, מײַן קינד,
וועגן לאַנד פֿון הייסן ווינט,

פֿון מדבריות, בלויע בערג,
פֿון דער רײַכסטער גרינער ערד,

וווּ אין פֿריִע טעג פֿון מאַרט
בליִען מאַנדלען, ראָז און צאַרט.

אויף די החבותן די פֿרייע
דאָרט אויף אײזעלער באַבייען

פֿויל זיך וויגן און זיי דרימלען.
בלוי עס שפּיגלען זיך די הימלען

פֿול מיט זוניקייט און גליק
אין דעם לויטערן אַריק.

* * *

די אוזבעקינס, ברוין און שלאַנק —
פֿול מיט ווירדע זייער גאַנג,

קויִשן פֿרוכטן, שווערע טעפּ,
לײַכט זיי טראָגן אויף די קעפּ.

און עס שפּאַנען — פֿייער-פֿלאַם —
יונגען פֿון אוזבעקן-שטאַם.

ציִען זיי די שווערד פֿון שייד,
אין אויף לעבן און אויף טויט!

* * *

אין די זאַמדן — קוים מע הערט,
גייען קעמלען ווי די בערג.

אין דער מדבר אַ געזאַנג.
גלעקלעך קלינגען שטיל און באַנג.

* * *

אין דעם לאַנד אוזבעקיסטאַן
גאָלד אַזוי־פיל איז פאַראַן! —

גאָלד וואָס ווערט נישט אויסגעלאָשן,
גאָלד פון דיניעס, אַבריקאָסן,

גאָלד אויף יעדער צווייג און בלאַט
פון אַ זון וואָס ווערט נישט מאַט.

אָבער רייכער פונעם גאָלד
איז דאָס זילבער, וואָס אין טאָל.

זילבער־פעלדער, ווייס ווי שניי —
קלאָרער בוימוואָל שטראַלט אויף זיי.

ווייסע בלומען. זייער צוויט
האָט צו זיך קיין גלייכן ניט.

ווי דער שוים פון וואַסער־פאַל,
זייער זילבער לויכט און שטראַלט.

ס'איז די קישן, ס'איז דאָס העמד
אין דער היים און אין דער פרעמד.

ס'איז די וואַטע, ס'איז דער בינט,
וואָס אין קריג דעם שלאַכטמאַן דינט.

ס'איז דער אָנצוג, ס'איז דאָס קלייד,
ס'איז פון גאַנצן פאָלק די פרייד.

* * *

אָט די געגנט, אָט דאָס לאַנד
אויסגעשטרעקט האָט אונדז אַ האַנט

אין די טעג פון וויי און צאָרן.
זיינען מיר אויפסניי געבאָרן...

האָט פארביטן אונדז די היים
א קיביטקע דאָרט פון ליים.

און פארביטן אונדזער פליין
האָבן גערטנער רייך און שיין.

ס'איז, ווי אונדזער טייך און קוואל,
ליב געווען דער וואסער = פאל.

ווי די סאָסנע — זאפטן = פול —
ליב געווען דער סאקסאול.

פרילינג = צייט האָט אונדז באגריסט
ווייסער, לילאָווער אירים.

ווילדער פלאמענדיקער מאָן
האָט די ווייטע היים דערמאָנט.

דער אוריוק פארביטן האָט
אלדאָס = גוטס פון אונדזער סאָד.

און די ראָזשינקעס און ניס
האָבן אונדזער צער פארזיסט.

* * *

אָט די געגנט, אָט די ערד
איינגעזאפט האָט אונדזער טרער,

און אין שווערע טעג און נעכט
אונדז מיט האָפענונג געגערט.

אונדזער האנט האָט נישט פארפעלט
ביי דעם בוימוואָל אויפן פעלד,

ביי מאשינען אין זאוואָד,
אויפן גאָרטן און אין סאָד.

אויפן ברוק ביים הארטן שטיין
שנעלער פלעגט דער טאָג פארגיין.

און די שווערע מי אין שווייס
האָט געברענגט אונדז שטילע טרייסט.

האָבן מיר אהיים געבראכט
הענט פאַרהאַרטעוועט און שטאַרק

און א ווילן אייזן = פעסט —
אויפצוריכטן אונדזער נעסט,

אויפצוהויבן אונדזער היים
פון די חורבות שטיין אויף שטיין...

איצט ווען ס׳ווערט דאָס פעלד פארזייט,
ווען ס׳גייט אויף א יונגע פרייד,

ווען עס הויבן זיך די הענט,
אויף צו שטעלן נייע ווענט, —

איז דאָס אויג געווענדעט אהין,
און מיר שיקן מיטן ווינט

טויזנט גרוסן יענעם לאנד,
אונדזער דאנק און ליב = געזאנג!

# אין די צווייגן רוישט דער ווינט

אין די צווייגן רוישט דער ווינט.
נאַכט. עס אָטעמט שטיל מיין קינד.
און די מאַמע ביי זיין וויג
זינגט איר זונעלע אַ ליד.

„שלאָף מיין קינד, שלאָף איין, מיין טרייסט,
וועסט נישט וויסן פון קיין בייז,
קיינער וועט דיין שלאָף נישט שטערן,
נישט קיין וועלף און נישט קיין בערן,
נישט קיין באָמבעס פון די הייכן,
נישט קיין רוצחים וועלן גרייכן
איצטער צו דיין שטילער וויג...
ס'האָט שוין אָפּגעהילכט דער קריג.
אין די הייכן פינקלען שטערן,
אין די נאָרעס ליגן בערן,
און די וועלף אין וואַלד געווים
שלאָפן אויך אַצינדער זיס.
בלויז די מענטשן ווי די וועלף
נעמט קיין רו און נעמט קיין שלאָף...
און אין אַלע עקן וועלט
וואַרטן זיי אויף זייער שטראָף"...

נאַכט. אין דרויסן רוישט דער ווינט.
כאַפּט זיך אויף פון שלאָף מיין קינד,
עפנט בלויע אויגן צוויי
און הייבט אויף באַלד אַ געשריי.
ס'איז זיין שרייען פול מיט חן,
שריי זשע פיל דו ווילסט אַליין!
נישט פאַרווערן וועט דיך קיינער
הויך צו טומלען, לאַכן, וויינען.

ווייל די צייט האָט שוין געמיטן,
אין דער אייביקייט אַוועק,
ווען אין בלינדן קעלער יידן
פלעגן ווייס ווערן פון שרעק
און זיך איינקאָרטשען אינדרייען,
ווען אַ קינד פלעגט בעמען שרייען,
און די מאַמע פלעגט אין גרויל
גיך פאַרשטאָפן אים דאָס מויל...

ס'איז די בייזע צייט פאַרביי!
וואַקס מיין קינד, צעבליי זיך פריי,
ווי די דעמבעס פון מיין לאַנד
ווי די סאָסנעס פון מיין קאַנט,
ווי דער עפל-סאַד אין צוויט,
ווי דער פויגל מיט זיין ליד,
אַזוי זוניק ווי אַ שטראַל,
אַזוי לויטער, ווי אַ קוואַל!...

און אַז דו וועסט עלטער ווערן,
וועסטו ווייסן, וועסטו הערן,
אַז די פרייהייט, וואָס דו האָסט,
מייער האָט דעם לאַנד געקאָסט!...

וועסטו שטאָלץ זיין מיט די העלדן,
וועסטו ליב האָבן דאָס לאַנד,
וועסטו גרייט זיין אָט די פרייהייט
טריי באַשיצן, מיט דיין האַנט!

מאָסקווע, 1946

# III. זוניקע שטאַפּלען

## קרים

ווונדער=לאַנד ביים ראַנד פון שוואַרצן ים,
איך קום דיך הײַנט צום ערשטן מאָל באַגריסן,
צום ערשטן מאָל באַוווּנדער איך דײַן פּראַכט —
דײַנע פּאַלמען, דײַנע שלאַנקע קיפּאַריסן.

צום ערשטן מאָל באַטרעט איך הײַנט דײַן ערד,
דײַנע בערג און דײַנע ווונדערשײנע טאָלן.
עס קלעקן נישט קיין פאַרבן און קיין שפּראַך
דײַן שײנקייט און דײַן הערלעכקייט צו מאָלן.

אַלץ זעט נאָך ווי אַ חלום אויס.
ווער האָט זיך פאַרגעשטעלט, ווער האָט געקענט דעם גלויבן,
אַז כ'וועל אַמאָל זיך באָדן אין דײַן ים,
אַז כ'וועל זיך ווען אויף דײַנע בערג דערהויבן,

אַז ס'וועט זיך אויסשפּרייטן אײן ווונדערלעכער וועג
פון דער פּינאַ ביזן ים דעם שוואַרצן.
כ'האָב הײַנט דערפילט די שײנקייט פון דער וועלט
און ס'גלוסט זיך זינגען מיר פון גאַנצן האַרצן.

פון אַלע זײַטן גייט דאָ אויף דער טאָג,
עס זינגט דער ווינט, די לאָרבער=קוסטעס שמעקן,
די מאַנדלביימער חנדלען זיך אין ווײַסן צוויט
און שפּרייטן זייער האָניק=דופט אויף אַלע וועגן.

ביסט שיין, אָ לאַנד פון וויינטרויבן און זון,
דאָך טויזנט מאָל נאָך שענער זעסטו אויס אין מיינע אויגן,
ווען אַלע פעלקער זע איך אויף דיין ערד,
אַלע ראַסן, ווי די פאַרבן פונעם רעגנבויגן.

אַלע שפּראַכן קלינגען שטאָלץ ביים שוואַרצן ים,
ווו ס'האָבן ווען געהוליעט צאַרן בלוטיקע און גראַפן,
אויף דיינע שלעסער און פּאַלאַצן פלאַמט די פאָן
פון אויסגעלייזטן פאָלק, פון די באַפרייטע שקלאַפן.

איצט פלאַטערט הויך די זעלבע פרייע פאָן
אויף מיין היימערד, ביי די ברעגן פון דער פינע,
דעם ערשטן פרילינג דאָ באַגריסן היינט מיט פרייד
מערב־ווייסרוסלאַנד און מערב־אוקראַינע.

נעם זשע צו דעם הייסן, פלאַמענדיקן גרוס
פון מיין באַפרייטער ערד און אויסגעלייזטע ברידער.
מיין האַרץ איז פול מיט ליבע צו דעם לאַנד,
מיט העלער פרייד, מיט זון און לידער!

יאַלטע. 1940 י.

# סטאַלין האָט לעגינעז געשוואָרן

דאָס לאַנד געווען איז אויסגעהילט אין טרויער,
געצויגן האָט דאָס פאָלק — פאַרקלעמט פון וויי,
אין שאַרפן פראָסט, אין ווירבלענדיקן שניי,
צום רויטן פּלאַץ, צום בּרייטן קרעמל־מויער;
געגאַנגען שטיל, געבויגן טיף די קעפּ,
געבליבן שטיין פאַרגליווערט ביי דעם אָרון,
די רויטע פאָן פאַרהילט אין שוואַרצן קרעפּ...
און סטאַלין טריי האָט לעגינען געשוואָרן,

און ס'איז א טרייסט אין הערצער אויפגעגאַנגען
מיט בלאַנק פון שטאָל און העלן רויש פון זאַנגען.
מיט איליטשעס געשטאַלט — פאַרקריצט אין האַרצן —
געניידערט האָבן מענטשן אין די שאַכטן,
ארויס איז צום פאַרזיי אין סטעפּ דער פויער,
אַרויף אויף רושטאָוואַניעס איז דער בויער
און אויפגעשטעלט א גאָרן נאָך א גאָרן,
ווייל סטאַלין טריי האָט לעגינען געשוואָרן.

פון דאָמנע־אויוונס שלאָגט א זוניק פייער,
ביים דניעפּער רוישן מעכטיקע טורבינעס,
א שפע וואַקסט אויף רחבותן אויף גרינע,
אויף אַלע שפּראַכן זינגט דער טאָג דער נייער.
פון לעגינס טרוימען אויפגעשטראַלט האָט זיך,
ווי שטאַפּלען זוניקע — די סטאַלינשע פינפיאָרן —
אַלץ העכער פירן זיי דאָס לאַנד צו גליק,
ווייל סטאַלין טריי האָט לעגינען געשוואָרן.

ס'איז העל דער טאָג און גרינג איז זיך צו פרייען.
גאָר — ס'ווייס דאָס הארץ: א בייזער שונא לויערט!..
איז וואַר דאָס אויג און וואַך און שאַרף דאָס אויער,
די גרענעץ היט די ביקס פון רויט = ארמייער.
געקומען איז דער טאָג פון צער און צאָרן.
אויף היימען, שטעט, אויף אַלץ, וואָס ליב און טייער
דער שונא איז ארויף מיט בליי און פייער..,
גאָר סטאלין טריי האָט לענינען געשוואָרן,

און ס'האָט די שבועה גאָר דאָס לאַנד געהערט,
און ס'איז דאָס פאָלק מיט גבורה און מיט גלויבן
ארויס אין גרויסן בלוטיקן געפעכט
און הויך די פאָן פון זיגער אויפגעהויבן!
ווערט ענגער אויפן רויטן פלאץ די ריי —
עס קומט דער העלד מיט פרייד צום מאַוזאָליי,
און לענין קוקט מיט ליבע פונם אָרון
צום פאָלק און צו זיין פריינט, וואָס האָט געשוואָרן.

לאָדזש, 16 יאנואר 1949

# עזרא פײַנבערג

(בײַ זײַן פרישן קבר)

1.

אַ װײַסטער טאָג... דער װײַטיק האָט קײן ברעג...
ביז די טיפֿענישן איז דאָס האַרץ צעװעדערט —
פֿון „לאַנד און ליבשאַפֿט" איז אַ פֿרײַנט אַװעק,
אַ פֿרײַנט אַ האַרציקער — אַ ברודער.

אַ שאַרפֿער פֿראָסט. די זון אין שנײַ פֿאַרגײט.
די אײַלנדיקע דורכגײער אַ טרויער־צוג באַמערקן,
חברים, פֿרײַנט, דאָס פֿאָלק אַלײן באַגלײט
אין לעצטן װעג — דעם דיכטער, פֿײַנבערגן.

אַ לעצטער שטראַל זײַן טויט געזיכט נאָך גלעט,
עס קושט דער װינט די יונג־פֿאַרמאַכטע אויגן.
די ערד מיט אָרעמס אָפֿענע באַגעגנט דעם פֿאָעט
און ס'זינקען קעפּ אין טיפֿן צער געבויגן...

2.

ערשט נעכטן נאָך — זײַן פֿלאַמענדיקער בליק
געפֿיבערט האָט מיט הײסן דורשט צום לעבן.
זײַן אָפֿן אויג מיט זון האָט זיך געקװיקט,
מיט אַלץ, װאָס איז צו פֿרײען זיך דעם מענטש געגעבן.

ער האָט געליבט דאָס חבֿרותדיקע לאַנד,
און װיפֿל שײנקײטן אין אונדזער מענטש געפֿונען.
בײַם פֿראָסטן פֿאָלק זײַן דורשטיקער טאַלאַנט
געשעפּט האָט חכמה, װי דאָס ליכט פֿון זונען.

מיט שעפער פון זיין צייט דאָס נייע וואָרט געשמידט,
וואָס האָט געמאַכט דאָס לעבן שענער און געזינטער
ס'האָט פלאַם נביאישער געלויכטן אין זיין ליד
און שיינענדיקע פרייד פון טאַנצנדיקע קינדער.

די מי און העלדישקייט פון אונדזער גרויסן דור,
דאָס לויטערדיקע ליכט פון אונזער אמת,
די בונטע פאַרביקייט פון אונדזער וואָר
האָט ער אַרויסגעבראַכט אין זוניקע פאָעמעס.

3.

צי קען עס טאַקע זיין: ער ליגט פאַרגליווערט שטים,
דער דיכטער פון די פלאַמענדיקע לידער?...
מיר דוכט: גענוג איז אים א רוף טאָן: — עזרא, קום!
דאָס היימלאַנד אין געפאַר איז ווידער! —

ער זאָל אַ ריס טאָן זיך פון טויטן בעט,
מיט ביקס אין האַנט זיך אין שערענגע שטעלן —
אַ קלינג טאָן זאָל דאָס וואָרט פוגעם פאָעט
און ס'זאָל זיין סויל און שונא'ם האַרץ נישט פעלן...

געשטאַנען ביי דער וויג פון אונדזער גליק,
אַ דור אַ ליכטיקן מיט ברידער דורכגעגאַנגען,
איז ער אין פלאַם אַוועק, אין ערשטן אויגנבליק,
ווען אונדזער גליק איז אויף אַ האָר געהאַנגען...

אין קריג און הייליקן אַנטקעגן פיינט אַוועק,
מיט הייסן בליי און זידנדיקן צאָרן...
באַצייכנט מיט זיין בלוט האָט ער דעם וועג,
וואָס האָט געפירט צום ליכטיקן נצחון.

געבלוטיקט האָט זיין האַרץ פון ווי און צער
פאַר היימען, שטעט — אין אַש און אין רואינען,
פאַר ברידער טויזנטער געקוילעטע און יאַר,
מיט בליי פון ביקס געשטילט האָט ער זיין שנאה.

ער האָט געטריי דאָס פֿאָטערלאַנד באַשיצט
מיט זיינע לעבנס־מיטגייער אָליעווסקי, ראָסין זעלדין...
און ס'האָט זיין נאָמען זיך מיט זייערן פֿאַרקריצט
אויף טאָוול גאָלדענעם פֿון שעפּער און פֿון העלד.

4.

מיר האָבן אים אין לעצטן וועג באַגלייט,
אין טאָג אין פֿראָסטיקן מיר האָבן אים באַהאַלטן.
נאָר פֿאַר מיין אויג אַ לעבעדיקער שטייט
דער דיכטער מוטיקער מיט בליק צעשטראַלטן.

ביים לענינגראַדער וועג אַ שטיבל שטייט נישט וויט,
אַ קלאַפּ אין טיר. ער קומט מיט פֿרייד אַנטקעגן:
— אַריין, אַריין! אַ גאַסט אַזויפֿיל צייט —
אויף אַלץ איינעם איילט ער זיך צו פֿרעגן.

„און איר וואָס מאַכט? — איר זעט אויס, עזרא, מיד“
ער שמייכלט: „ס'האַרץ־אַ ביסל בונטעוועט זיך אונטער.
באַקענט זיך בעסער מיט אַ זעלטן ליד —
און ס'ווערט זיין מיד געזיכט באַלעבט און מונטער —

אַ יונגער דיכטער האָט עס צוגעשיקט,
אַ קרעפּטיקער טאַלאַנט! אַן אומגעריכטער!“
עס שמייכלט אויפֿריכטיק זיין אויג מיט גליק,
באַגייסטערט איז דאָס האַרץ פֿון גרויסן דיכטער.

פֿון ליד פֿון אייגענעם ער ווייסט געווים די ווערט,
נאָר ווי דאָס פֿאָלק אַליין איז ער באַשיידן.
ער גיט זיין ליד, ווי ס'גיט איר פֿרוכט די ערד
און האָט נישט ליב דערפֿון צו רײדן.

עס שימערט נישט זיין וואָרט מיט קאַלטער שיין,
מיט בלוט פֿון האַרצן איז זיין ליד געשריבן,
אַ ליד, וואָס טיף עס דרינגט אין האַרץ אַריין —
אויף גוט זיין און אויף פֿריי זיין און אויף ליבן!

מיר שמועסן געמיטלעך אָפּט ביי טיי אַ גלאָז.
זי אָנגענעם, ווי ליב איז אים צו הערן,
אין בלויע רינגען רויך פון פּאַפּיראָס
די ווערטער זייַנע שנירלען זיך ווי פּערל.

זיי לייגן זיך אויף דעם געמיט, ווי טראָפּנס טוי:
„פון צפון-שניי ביז קרימער קיפּאַריסן
איר זעט אַ הימל, דו-רכזיכטיק און בלוי!
אַ פרייע ערד אויף לעבן און געניסן!

מיר האָבן אויסגעקעמפּט דאָס אַלץ מיט אונדזער האַנט!
און שטעט און געגנטן מיט לעבן זיך באַנייען.
נישטאָ אַזאַ מין העלקייט נאָך אין קיין שום לאַנד,
אין ערגעץ אָטעמען עס קען דאָס האַרץ נישט פרייער.

און מאָרגן, איבערמאָרגן וועט נאָך העלער זיין.
צו העכסטן גליק וועט סטאַלין אונדז דערהויבן!"
אַזוי האָט ער געשפּרייט אין הערצער שיין
און אָנגעצונדן מענטשן מיט זיין גלויבן.

— — — — — — — — — — —

פאַרלאָשן איז דאָס האַרץ, וואָס האָט געלויכטן ריין...
נאָר ס'לעבט זיין רויט געזאַנג, וואָס וועט אַ טרייסט אונדז געבן:...
און ס'לעבט דאָס גרויסע פאָלק, און ס'לעבט די פרייע היים,
וואָס איז געווען אים ליבער ווי זיין לעבן!

מאָסקווע, נאָוועמבער 1946

# צו א סאָוועטישן דיכטער

מיט דיר, מיין חבר און מיין פריינט,
עס איז מיין שענסטע פרייד פאַרבונדן,
און ווען איך זע דיך ווידער היינט
פאַרציען זיך די טיפע וווּנדן.

עס פאַלן אָפּ די יאָרן גרויל
פון מיין געמיט, ווי פּלאַסטן זשאַווער,
און, ווי פון אַש א פייער־קויל,
לעבט אויף דאָס וווּנדער פון סעגטיאַבער.

סעגטיאַבער, בלעטער־פאַל און גאָלד.
סעגטיאַבער ניינצן ניין און דרייסיק.
עס שפּאַנט דער טויט מיט בליי און שטאָל,
סירענעס וואָיען, באַמבעס רייסן...

אויף אונדזער לעבן גייט די נאַכט,
די נאַכט פון תליות און פון שיסטערס...
נאָר — דורך א נס, גאָר אומדערוואַרט,
האָט זיך דער הימל אויסגעלייטערט.

א שיינע וועלט, א פרייע וועלט!
און צווישן רויטאַרמייער — ברידער —
א יונגער דיכטער אין שינעל,
א האַרץ מיט ברויזנדיקע לידער.

אויף גאַסן פריידיקע דו שפּאַנסט,
אין דער פּילאָטקע מיט דעם שטערן,
דערציילסט די וווּנדער פון דיין לאַנד,
און מענטשן גליקלעכע דיך הערן.

מיר האָבן דערמלט זיך באַקענט,
נישט פרעמד געווען זייַען די נעמען,
און האָבן זיך געדריקט די הענט
פאַר ביכער לידער און פּאָעמען.

און ס׳איז דורך דיר דאָס לאַנד פון פרייד
מיר פיל מאָל ליבער נאָך געוואָרן!
....נאָך לאַנגע יאָרן זיין צעשיידט
מיר זעען זיך, ווי ניי־געבאָרן.

נאָך יאָרן בלוט און ווינד און וויי
מיר האָבן ווידער זיך געטראָפן.
דיין קאָפּ איז נישט באַדעקט מיט שניי,
און מעכטיק קלינגען דיינע סטראָפן.

פון שלאַכטן גרויזאַמע דו קומסט,
פון וועג דעם בלוטיקן און שווערן,
מיט צייכנס ליכטיקע פון רום,
מיט זיגרייך־פינקלדיקע שטערן.

איך דריק אַ גליקלעכער דיין האַנט:
— געבענטשט זיי, פריינט, נאָך שווערע יאָרן!
— געבענטשט זיי, זוניק, פאָטערלאַנד,
וואָס האָסט אַזעלכע זין געבאָרן!

מאָסקווע 1947

# IV. אונדזער ליבע

## ס'איז נאַקעט נאָך די ערד

סאיז נאַקעט נאָך די ערד,
און ס'מאכט די לופט שוין שיכור.
ס'איז פול היינט יעדעס לוזשקעלע
מיט בלענדנדיקן ליכט.
איך קוש זיך א פארליבטער היינט
מיט יעדן יונגן ווינטל,
וואָס גלעט אויס יעדעס רונצעלע
און קנייטש אויף מיין געזיכט.

מיין לייב זויגט, ווי א בוים, היינט
פון מאמע ערד די זאפטן,
ווי קנאָספּן מיינע חושים
צעעפענען זיך וואך.
עס זינגט מיין בלוט היינט פריידיק,
ווי העלע פרילינג = שטראָמען,
כ'בין זאָרגלאָז, ווי די טייבעלעך,
וואָס וואָרקען אויפן דאך.

איך פיל גישט היינט די לאסט,
וואָס דריקט אויף מיינע אקסל,
און כ'שפיר נישט איצט קיין גאל
אין קיינעמס, קיינעמס רייד.
מיר גלוסט זיך היינט די וועלט
ארומגעמען מיט ליבשאפט,
זאָל יעדערער דערפילן
מיין וווּנדערלעכע פרייד!

ווייל אָרעם איז די שפּראַך
מיין בליק היינט צו דערציילן.
מיין איבערפולטעם האַרץ
גייט איבער היינט די ברעגן.
כ'בין וואַך צו יעדן קלאַנג.
כ'בין וואַך צו יעדן ציטער,
וואָס טראָגט זיך אין דער לופט
פון פעלדער און פון וועגן.

פאַרנעם איך אין דער שטיל
די סודות פון יצירה,
דאָס שפּראָצן פון אַ לעבן,
וואָס גייט אויף יונג און ניי.
און ס'איז מיר היינט פאַרשטענדלעך
די שפּראַך פון צווייג און גרעזל,
און קלאָר איז מיר דאָס לשון
פון דומם און בעל־חי.

איך טראָג דעם בלויען הימל
אַצינד אין מיין נשמה,
עס גייט אויף און עס שיינט
די זון אין מיין געמיט.
איך וואַש זיך אין די מילדע,
יונג־פרילינגדיקע רעגנס
און כ'פיל, אַז איך צעבלי זיך באַלד
מיט ראָזעלער־ווייסן צוויט.

און כ'פיל, עס עפנט זיך פאַר מיר,
ס'צעפּראַלט זיך טיר און טויער,
נישטאָ פאַר מיר קיין צוימען היינט,
נישטאָ פאַר מיר קיין ווענט,
נישטאָ פאַר מיר קיין וויטיק איצט,
נישטאָ פאַר מיר קיין טרויער,
היינט זיינען ווייסע פליגלען
מיינע קנאָכעדיקע הענט!

## פרילינג

איך האָב געהערט:
דאָס ערשטע בלימעלע אין פעל־
האָט מיט ליבשאפט
אָנגערופן היינט דיין נאָמען,
געשיקט צו דיר א לויב
פאר זון,
פאר רעגן
און פאר טוי,
פאר אַזוי פיל פאָטערלעכן גנאָד, —
דאָס קליינע בלימעלע אין פעלד
האָט היינט געזען דיין פּנים,
גאָט!

און דאָס ווערעמל,
וואָס פויזעט אויף דער ערד,
איז היינט נישט מער געווען מקנא
די שמעטערלינגען און די בלומען —
דאָס ווערעמל האָט פליגל היינט באַקומען!
און מיט די אָדלער אין די הייכן
זיך פארמאָסטן...

און ס'האָט זיך היינט דער שטומער שטיין
צעבליט
מיט זון,
מיט גרין,
מיט זילבערדיקן צווייט
און האָט פארטונקלט
לויכטנדיקע מעטעאָרן...

דער שטומער הארטער שטיין
א זינגענדיקער ברודער
איז מיר היינט געוואָרן...

פינסק, 1937

# מיט די ערשטע פרילינג=ווינטן

מיט די ערשטע פרילינג=ווינטן הייב מיך אויף,
ס'וויל מיין האַרץ אַ פֿלינקער פֿויגל ווערן —
איך וויל שוועבן, ווי אַן אָדלער צו דער זון,
איך וויל פֿליען אין די ווייטן, ווי אַ שטערן!

וויפֿל שיינקייט האָט מיין אויג נאָך נישט געזען,
וויפֿל לענדער האָט מיין פֿוס נאָך נישט באַטראָטן.
לאָז מיין אויג באַגריסן זייער פּראַכט,
לאָז מיך זאַט ווערן מיט זייער ליכט און שאָטן!

מיט די ערשטע פרילינג=ווינטן הויב מיך אויף,
ס'וויל מיין גוף אַ לייכטער וואָלקן ווערן —
בלויע הימלען; גליענדיקע זון;
פֿעלדער שמאַכטן, לעכצנדיק נאָך רעגן —

וויל מיין האַרץ פֿאַרנעמען דאָס געבעט,
וויל מיין גוף זיך אויפֿלייזן אין רעגן —
זאָלן פֿעלדער אויפֿזייגן מיט זעט,
זאָל די שפֿע איבערגיין די ברעגן!

# כ׳האָב געוואָלט היינט אָנשרייבן אַן אומעטיק ליד

כ׳האָב געוואָלט היינט אָנשרייבן אַן אומעטיק ליד
וועגן עלנט און צער,
האָט פרילינג אַריינגעזונגען אין מיין צימער יונג־צעבליט,
האָט פרילינג מיין עלנט אויסגעלאַכט...

האָב איך זיך פאַרשעמט און האָב געוואָלט
אָנשרייבן אַ ליד וועגן פרילינג און פרייד,
האָט זון פאַרבלענדט מיין אויג מיט גאָלד,
האָט פאַרשיכורט מיך די שיינקייט פון אַ קוויט.

באַרוישט פון דער שפע, פון פאַרב און קלאַנג,
האָב איך דאַן פלוצעם דערזען און דערפילט:
דער פרילינג איז רייכער פון רייכסטן געזאַנג,
דער פרילינג איז שענער פון שענסטן ליד...

# פּאָלעסיער האַרבסט

סוף־זומער־פֿאַרנאַכטן אויף שטעטלעך פּאָלעסיער,
דער טאָג איילט אַלץ פֿריער און פֿריער אַהיים.
דער אומעט צעוויקלט זיך ברייטער און גרעסער
און הימלען, ווי פּאַרמעטן, שווייגן געהיים...

פֿאַרבענקטע פּאָלעסיער סוף־זומער פֿאַרנאַכטן.
דאָס שטעטל ווערט קלענער, פֿאַרטוליעט אין זיך.
אים שרעקן די נאַקעטע פעלדער, וואָס וואַרטן,
אים שרעקן די שקיעות, ווי וואַקסענע ליכט...

און ווינטן אויף נאַכטלענער קומען אַהערצו,
און שטילן דעם הונגער מיט שטרוי פֿון אַ דאַך.
זיי אָטעמען אויסעט פֿאַריתומטע קרעכצן
און ווייניקע פֿייכקייט פֿון ווערבע און סכך...

# כ׳האָב ליב דעם דופט דעם ווייניקן

כ׳האָב ליב דעם דופט דעם ווייניקן פון פּאַלנדיקע בלעטער,
די מאָנאָטאָנע פאַרביקייט, וואָס זינגט צו מיר איר שיר,
כ׳דערזע מיין לעבן בולטער און ליב ווערט מיר דער שפּעטער,
ס׳פאַרשיכורט מיך די ניכטערקייט, וואָס רייסט זיך אין מיין מיר.

כ׳האָב ליב די מילדע ליכטיקייט פון נאָט געבענטשטן אומעט,
די שווייגנדיקע טעג, וואָס זאָגן גאָרנישט צו,
ווען כ׳ווייס, אַז פריער פאַרטאָשענע ווערט פאַרביקער נאָך קומען,
ווען דורכזיכטיק איז מיין געמיט, און הייליק איז די רו.

עס ווערט די בענקשאַפט שענער דאַן און לינדער יעדער ווייטיק.
מען מוז צו ווענען תפילה טאָן, דאָס האַרץ ווערט פרום און גלויביק,
די איינזאַמקייט ווערט טייערער און ס׳איז קיין פריינט נישט נייטיק,
און דעמלט ווערט פאַרשטענדלעך מיר, פאַרוואָס די וועלט איז
אייביק..

פינסק, 1932

# אין אַ רעגן־נאַכט

אַ קאַלטער רעגן האָט געפּלייצט אַ גאַנצע נאַכט.
דער ווינט הינטער מיין טיר האָט יאָמערלעך געלאַכט,
און איך — בין לאַנג געלעגן וואַך,
איך האָב געהערט, ווי ס'וויינט איבער מיין קאָפּ דער דאַך...
און ווי עס יאָמערט יעדער שטיין פון טראָטואַר,
ווי די עלעקטרי־סלופּעס ברומען הויך פאַר צער,
און יעדעס ברעטעלע און ברעט
פון פּלויט ביים פענצטער ציטערט מיט געבעט...

און ס'האָט מיר ווי געטאָן דאָס האַרץ
אויף יעדן האַרטן שטיין פון ברוק,
אויף יעדן שינדעלע און סלופּ,
וואָס האָבן נישט וו שיצן זיך אַצינד
פון קאַלטן רעגן און פון ווינט...

און כ'האָב אין ציטער פון געוויין
געהערט געשריי פון האָלץ און שטיין:
„פאַרשאָלטן יענע האַנט זאָל זיין,
וואָס האָט געבראַכט אונדז דאָ אויף פּיין,
געבראַכט אויף הפקרשן באַראָט
אין ווייטן עלנט פון דער שטאָט"...

ס'האָט ברעט און סלופּ געבענקט צוריק
צו ווייטע טעג פון העלן גליק,
געבענקט צוריק צום בוים־געשטאַלט,
געבענקט צום וואָרצל און צום וואַלד,
און צו דער דיקער קאָרע־שאָל,
וואָס טריי געוואַרעמט האָט אַמאָל,
און צו דער גרינער בלעטער־קרוין,
און צו דעם וועלפּישן געוויין...

און יעדער שטיין געבענקט האָט היים
צוריק צו ווייכער מוטער־שוים,
צוריק צו שוים פון מאַמע ערד,
וואָס האָט געשיצט אים און גענערט...

# אונדזער ליבע

אונדזער ליבע איז פשוט, ווי אונדזערע רייד,
ווי ס׳איז פּראָסט אונדזער הילצערנער טיש און דאָס ברויט,
ווי ס׳איז האַרט אונדזער לייב, און ס׳איז פּראָסט אונדזער קלייד,
וואָס פאַרדעקט אונדזער בענקשאַפט — די פּאַסטוכשע פּלייט.

אונדזער שלאָף, ער איז האַרט, ווי ס׳איז האַרט אונדזער בעט.
ס׳פאַלט שטיל אונדזער טרער, ווי אַ וואַרעם געבעט.
ס׳איז פשוט און פּראָסט אונדזער גליק, אונדזער פרייד,
ווי ס׳איז פּראָסט אונדזער לעבן און איינפאַך דער טויט.

ס׳איז מגושמדיק גראָב אונדזער קרעפּטיקער טראָט,
מיט אונדז אין די קעלערן וווינט אונדזער גאָט,
דער האָר האָט געגנידערט צו אונדז פון דער הויך,
פאַרברענגט מען צוזאַמען אין ענגשאַפט און רויך.

אונדזער גליק — עס איז קאַרג, אָבער וואַרעם און גוט,
אונדזער פרייד איז דער רוף פון צעזונגענעם בלוט,
אונדזער פּראַצע איז שווער, און דער שלאָף איז געזונט,
אונדזער גלויבן איז טיף און האָט פליגל און גרונט!

פאַר יעדן איז פריי אונדזער אָפענע טיר...
אונדזער טרוים איז אין קיימן... און מענטשלעך, ווי מיר...
אונדזער לעבן איז פּיין און יסורים און שפּאָט —
נאָר ס׳וועט נאָך אַ הילך טאָן אין וועלט אונדזער טראָט!

פּינסק, 1930 י.

# קום אַריין אין מיין האַרץ

קום אַריין אין מיין האַרץ, ווי אַ טויב,
מיט ליכטיק־צעזונגענעם בליק,
דיין שמייכל זאָל אויפזינגען: גלויב —
אין פרילינג, אין מענטש און אין גליק.

מיט דיר אַזוי העל איז דער גאַנג —
די האַרבסטיקע סטעזשקע ווערט גרין;
מיט דיר ווערט דער טרויער — געזאַנג,
מיט דיר האָט דאָס ליידן אַ זין!

ווי אַ טויב אין מיין האַרץ קום אַריין,
די כמאַרעס די שווערע צעיאָג,
כ'זאָל פילן די גרויסקייט פון זיין,
די שיינקייט פון נאַכט און פון טאָג!

מיט זון־שיין פיל אָן מיין געמיט,
מאַך זינגענדיק־פריידיק מיין טראָט,
מאַך קרעפטיק און לויטער מיין ליד,
באַהויכט מיט דיין צאַרטן גענאָד.

# ווי די זון אין מאַי

ווי עס רעדט דער וואָלקן מיטן ווינט,
און ווי עס רעדן בלעטער מיט די צווייגן,
וויל איך רעדן היינט מיט דיר
דורך זינגענדיקן שווייגן.

ווי עס רעדן גרעזער מיט אַ קוואַל,
ווי דער טייך פאַרטרויט זיין בענקשאַפט פאַר די ברעגן,
און ווי דאָס פרילינגדיקע פעלד
זאַפט איין דעם שפּעדיקן רעגן —

זאָל איינזאַפּן דיין האַרץ דעם טוי
פון מיינע לויטערסטע געפילן און באַגערן,
און אויפגיין זאָל דיין ליבע גרוים און שיין,
ווי די זון אין מאַי און ווי די פרילינגדיקע שטערן.

# די בלומען וועלן בליען פאַר דיין פענצטער

(דעם ליבן אָנדענק פון ר. ד.)

די בלומען וועלן בליען פאַר דיין פענצטער
און וועלן בענקען נאָך דיין צאַרטן האַנט־באַריר.
אויף דיין טישל לאַנג דאָס בוך וועט וואַרטן
מיטן שער־בלאַט — אַ פאַרמאַכטע טיר...

דאָס פעקל בריוו פון נאָענטע און ליבע
וועט בענקען נאָכן הייס־באַטרערטן בליק
פון דיינע סאַמעטענע, טרויעריקע אויגן
מיט בענקשאַפט פלאַמיקער נאָך זוניק־ווייטן גליק.

די סמעזשקע פאַרן הויז וועט נאָך דיין פוסטריט בענקען,
און בענקען נאָך דיין קול וועלן די שטומע ווענט,
דער פרילינג וועט זיך וואונדערן, פאַרוואָס דו ווילסט שוין מער נישט
באָדן אין זיין זון־גאָלד דיינע בלייכע הענט.

און אומגליקלעך־פאַרשעמט און שטיל פאַריתומט
אַראָפּקוקן דיין בילד וועט פון דער וואַנט...
און גלאָצן וועט דיין זייגערל מיט שטומע ווייזערס
און נישט באַצירן מער דיין דורכזיכטיקע האַנט.

און ס׳וועט פון זאַמד־קעסטל אַרויסוויינען דיין לעבן,
וואָס דו האָסט אויסגעשפּיגן אין די העלסטע טעג,
ווי רויטע רויזן — פאַר דיין יונגן קבר,
ווי רויטע שטערן אויף דיין לעצטן וועג...

און דו וועסט שווייגן אונטער ערד און קילן שאָטן,
מיט שערבלעך דיינע אויגן צוגעמאַכט,
און וועסט נישט טרינקען מער פון ביכער, ווי פון קוואַלן,
דאָס העלסטע ליכט אין טיפער נאַכט.

דאָך וועלן אויך פון אונטער שערבלעך דיינע אויגן
זוכן מיט פאַרטרערטן בליק
דיין האַרציקן דיין טרייען טאַטן,
וואָס האָט דיין קראַנקן־בעט געהיט, ווי אַמאָל דיין וויג.

נאָר וועסט זיך מער נישט בייזערן פאַרוואָס דיין טאַטע
איז אַוועק און זאַמט זיך אַזוי לאַנג...
זיין קראַנק־צעוווונדיקט האַרץ וועט איצט אַ פויגל ווערן,
וואָס וועט דיין שלאָף פאַרוויגן צווישן בלום און צווייג...

פינסק, 1937 י.

# כ'האָב פיינט די בערג אין נעפל

כ'האָב פיינט די בערג אין נעפל,
כ'האָב פיינט דאָס בלינדע גליק,
די שווינדלדיקע הייכן,
וואָס שליידערן צוריק...

כ'האָב פיינט געבראַזג פון פויקן,
דעם בליץ פון פייערווערק...
כ'האָב ליב געזאַנג פון הערצער,
דעם שמייכל פון א טרער...

כ'מייד אויס די לאַבירינטן,
כ'האָב ליב דעם גלייכן וועג,
וואָס פירט פון שווערן אָנהויב
צו וונדערפולען ברעג!

## דאָס וואָרט

דאָס וואָרט האָט אָנגעקלאַפּט, צו מיר אין שויב
מיט העלער בשורה, ווי נחם טויב:
— איך בין דער שפּרוך, דער כישוף־שליסל
צום טויער פון דיין האַרץ און פון געוויסן.
איך בין פאַרן ווייַן פון דיין בענקשאַפט — דאָס קריגל,
איך בין דער פּורעם פאַר דיינע ציגל!
אין פריינטשאַפט געהייליקט, אויף אייביק פאַרברידערט,
וועל איך דערהויבן דיין צער פון דער נידער,
וועל איך טראָגן דיין פרייד אויף אָדלער־פליגל!

ווי ווינט טרייסלט צייטיקע פרוכטן פון צווייגן,
ווי סערפּ שניידט די ריַיפע, די גאָלדענע זאַנגען,
שניידט וואָרט מיינע טרוימען און מיינע פאַרלאַנגען
און בינדט זיי, ווי גאַרבן, ווי זוניקע סנאָפּעס,
פאַר מיר און פאַר דיר און פאַר אַלע צוזאַמען,
אין שורות, אין סטראָפן, אין פערזן און גראַמען,
באַשיידן און פּראָסט, ווי אַ בריוו צו דער מאַמען...

# ס'איז גוט!

ס'איז גוט, וואָס דער סטעפּ
שווימט אין גאָלדיקן ליכט
און גוט איז,
וואָס שטענדיק קיל איז דער וואַלד,
ס'איז גוט, וואָס דער מענטש
קען אנטלויפן פון זיך
און געפינען זיך צריק
אין אן אנדער געשטאַלט...

ס'איז גוט, וואָס לעם בארג
זעט מען טיפער דעם טאָל,
און גוט איז,
וואָס מעש האָט דעם שימער פון גאָלד,
ס'איז גוט, וואָס די טרער
קומט באַוויינען דאָס גליק
און וואָס אַ שמייכל פאַרווישט אָפט
דעם טרויער אין בליק...

ס'איז גוט, וואָס די טרייסט
קומט — באלוינונג פאר צער,
און גוט, וואָס מיט שווייס
איז געקנאָטן דאָס ברויט,
ס'איז גוט, וואָס דער מענטש
גייט אויף שטריק פון געפאר
און פארהוילן פאר אים איז
די שעה פון זיין טויט...

# ז. זאַפט פון דער ערד

## אויף פּאָלעסיער ערד

אויף פּאָלעסיער ערד,
ווו די שטילקייט יערט,
ווו דער עלנט בליט
אונטער יעדנס טריט,
האָט די מאַמע מיך
צווישן וועגטלעך פיר,
אין אַ בלינדער נאַכט
אויף דער וועלט געבראַכט.

אויף פּאָלעסיער ערד,
אין מיין גרויער היים,
ווו דער אומעט נערט
יעדן גראָז און בוים,
ווו עס טריפט מיט צער
יעדער בלאַט און צווייג,
ווייטיקדיק־פאַרטראַכט
בלאָנקע איך און שווייג...

ווילד און זומפּיק לאַנד
גריסט מיך און באַגליַיט;
איבער טויזנט שפּאַן —
קוים איין טראָפּן פרייד...
קלייב איך פונק צו פונק,
זאַמל שטראַל צו שטראַל,
ביז מיין האַרץ ווערט פול,
ווי אַ פולער קוואַל.

פינסק — 1936 י.

# פּאָלעסיע*)
(פּאָעמע)

1.

מיט ברוגזע פּנימער קומען די טעג אין מיין היימלאַנד פּאָלעסיע,
ווי אורחים־יחסנים, פאַרשעמטע צו אָרעמע טישן געקומען.
זיי גיבן נישט קיינעם קיין שלום אַזוי ווי אין הויז פון אַן אבל,
זיי שטילן דעם הונגער און לאָזן פאַרנאַכט זיך אין וועג אַריין שטומע.

עס שלאָפן די נעכט אין די זומפּן, צוקאָפּנס — די אוראַלטע וועלדער,
און זעלטן זיי ציילן אין חלום, ווי גאָלדענע רענדלעך, די שטערן.
עס שיצט זיי דער הויכער משעראָט פון די הונגעריק־וואָיענדע ווינטן
און וויפל זיי וואַשן אין פינא זיך, קענען זיי העלער נישט ווערן...

ס'גייט אויף דורך די נעפּלען די זון, ווי אַ בלוט־רויטע וווּנד, אין מיין היימלאַנד,
פאַרוואַנדלט די אָזיערעס, סטאַוון אין ריזיקע רויזן און פּיאָנען.
נאָר באַלד לעשט זיך אויסעט דער צויבער, דער הימל ווערט מאַט און פאַרצויגן
און בלאַס ווי א חולה־מסוכן — פארענדערט, שוין נישט צו דערקאָנען.

---

*) די פּאָעמע שילדערט פּאָלעסיע פאַר דער צייט פון דער פּויליש־שער סאַנאַציע־הערשאַפט.

ס'איז אָרעם די פרייד אין מיין היימלאַנד, דער הימל איז בלאַס אויך אין פרילינג,
די זון קאַרגט איר גאָלד, און עס בליען אָן חיות, אָן צויבער די בלומען,
פאַרבענקט איז דאָס פייפל פון פאַסטעך, און אומעטיק זינגען די פייגל,
און ס'ווייסט נישט דער פרילינג צו ווען, נאָך וואָס ער אין לאַנד איז געקומען.

קומט שפעט אין מיין היימלאַנד דער פרילינג, און ס'בלאָזן נאָך פראָסטיקע ווינטן,
ווען ס'בליט שוין אין לענדער דער בעז, און עס לאַכט צו דער זון שוין דאָס קאָרן;
נישט מיד ווערט דער פויער צו זייען אָפט דריי מאָל די פעלדער אין ווערנע,
וויל אַלץ, וואָס האָט שפּראָצן גענומען, איז געל און פאַרוויאַנעט געוואָרן.

דאָך שטעלן זיך זומער=טעג רייפע, ווען ס'צייטיקט דאָס פעלד און דער גאָרטן,
און וואַסער=געוויקסן און בלומען באַצירן די זומפּן פאַלעסיער,
ס'פאַרשיכורט דער פעד פון די סאָסנעס, און ס'קוויקט אויפן פעלד זיך דער פויער
מיט ווייניקן קוואַס פון בעריאָזעס — אין פרי=יאָר געזאַמלט אין פעסער.

נאָר ס'איז אויך אין צייטיקן זומער דער הימל נישט דורכזיכטיק לויטער,
עס דרימלען די לאָנקעס און וועגן, עס גענעצן פעלדער פאַרשלאָפן.
די זון טוט אַ גלי און צעפּאַרעט די טיפע, אומענדלעכע זומפּן,
און באַלד ווערט דער הימל מיט ריזיקע ווייסע פאַכירן פאַרלאָפן.

ווערט שטיקנדיק־ענג דער אַרום אין דער קאָכיקער היץ אין דער פאַר:ער,
דער הימל ווערט גליאיקער אַש, און די ערד פילט קיין שאָרך פון קיין גרעזל;
עס גלאָצן די בלעטלעך אויף צווייגן, פאַרגליווערטע שטייען די פייגל,
און ס׳גליט אַזאַ פיין אין די אויגן פון יעטווערן לעבעדיק וועזן.

- - - - - - - - - - - -

נישט פעט איז די ערד אין מיין היימלאַנד, אָן ברכה דער טוי פאַלט פון הימל,
עס זינגט נישט די שפע אין שייער, עס וואַקסן נישט שיכטן אויף שיכטן,
מע שניידט אין געאייל אויף די פעלדער די מאָגערע שיטערע זאַנגען.
עס זאָלן די פריאיקע רעגנס דאָס אָרעמע ברויט נישט פאַרניכטן.

2.

דרימלט מיין הימלאַנד, פאַרוויגט איבעם שטילן געזאַנג פון דער פינא,
וואָס הימ, ווי אַ מאַמע, אַ טרייע, די עלנטע זומפּיקע וויטן.
און ס'אָטעמט דער דזשונגל דער ווילדער — דער פּלאָנטער פון וואַסער־געוויקסן,
מיט סודות פון מעשה־בראשית, מיט אָטעם פון אוראַלטע צייטן.

אומענדלעכע סומנע מדבריות פון זומפּן און וואַסער און הימל,
ווי ס'וואָלט אין די טעג פון יצירה אַלץ רוי דאָ פאַרגעסן געבליבן —
געבליבן יבשה און וואַסער, נישט אָפּגעטיילט אייגס נאָך פון צווייטן,
און ס'וואַרט דאָ נאָך אַלץ אויף אַ נאָמען, און ס'וואַרט דאָ נאָך אַלץ אויף אַ תיקון...

און ס'דוכט זיך דער גייסט פון באַשעפער נאָך שוועבט אויפן שפּיגל פון וואַסער...
ער ווייסט נאָך נישט אַלץ, צי ס'וועט גוט, זיין דאָס אַלץ, וואָס זיין האַנט האָט באַשאַפן.
אויף מיילעקע שטרעקעס — ישובים צעוואָרפן, ווי איינזעלער קלייבע,
ווי שיפן, וואָס בלאָנדזשען און קענען נישט קיינמאָל דערגרייכן קיין האַפן.

און ס'הויערן אוראַלטע, מאַכיקע, טיף־שוואַרצע וועלדער פּאַלעסיער,
פאַרוועבטע מיט וואונדער־לעגענדן פון רוחות און בייזע מכשפים...
מיט אור־ווילדע בערעס און היילן, מיט שטעגלעך געהיימע און זומפּן,
ווו אַלט־אויסגעריסענע דעמבעס און וואָרצלען זיך שפּיגלען אין וואַסער.

און ס'פליסן די טייכן פּאָלעסיער מיט אוצרות פון פיש אין די טיפן,
באַלאָדן מיט שווימענדע פליטן, אין ווילדע באַוואַקסענע ברעגן,
עס פליסטערן, שטראָמענדיק לאַנגזאַם, דער סטיר, די יאַטעלדע,
דער האָרין;
די האַרציקע פינא דעם פריפּעט טראָגט אייביק איר בענקשאַפט
אַנטקעגן...

און דאָרט, וווּ עס גיסט אויס דער סטרומען זיין ביטער געמיט
פאַר דער פינא,
די וואַסערן לויפן צעשויבערט, אַ קעסל־גרוב לויערט אַ טיפער.
דאָרט פירן נישט קיינמאָל די כוואַליעס, עס לאָזט זיך די טיף
דאָרט נישט מעסטן,
דאָרט האָבן דעם טויט שוין געפונען פיל העלדישע שווימער און
שיפער.

* * *

שטאָק־פינצטערע נעכט אויף דער פינא — זי קנייטשט זיך אין
בייזע חלומות,
עס פליסטערט איר סודות אין שלאָף אויפן אויער אַ בייזער מכשף...
עס יאָגט אַזאַ פינצטערער גרויל פון אומענדלעכן ים פון די זומפּן,
עס וויט אַזאַ פחד אַרויס פונעם שוואַרצן פאַרלאָשענעם וואַסער...

אַ סאָווע קלאָגט־אויף אין די זומפּן, אַ ניגון שוועבט אָן, ווערט
פאַרשווומען,
באַגלייט פונעם פּאַטשן פון וועסלעס, און שטיל ווערט — די וואַ־
סערן פליסן.
עס ציען די פישער איצט נעצן מיט זילבערנע פיש און מיט סודות
ביים שימער פון ליולקעס און וויט־ווייטע ווינקענדע פלעמ־
לעך פון פליטן.

און דאַרט, ווו דער קעסל־גרוב לויערט, זיך וועבן און שפּינען לעגענדן —
אַט שוועבט אַן אומהיימלעך געוויין, און אַט טויכט אויף אַ וואַנזיניק לאַכן...
מען ווייסט: דאָרטן רוחות, מזיקים ביינאַכט פּראַווען שמחות און הוליען,
און לויערן, זוכן אַ קרבן, — אַ סעודה אַ פעטע צו מאַכן.

— — — — — — — — — — —

אויף נאַכטיקן שליאַך — פערד און פויער, אַ בונטער בריליאַנט בליצט אין חושך...
מיט פרייליקן ציטער דער מענטש נאָכן אוצר גענומען האָט יאָגן.
און ס׳רייצט זיך דער דימענט און פינקלט און שפּרינגט איבער זומפּן און גריבער,
ביז ס׳איז אין אַן אָפּגרונט דער פויער פאַרזונקען מיט פערד און מיט וואָגן...

— — — — — — — — — — —

מיט שטערן אין נעץ האָט אַ פישער אַ העכט, ווי אַ וואַלפיש, געפאַנגען...
דאָס שיפל קוים ציט מיט דער מאַסע, די אויגן פון פויער — צוויי זונען.
נאָר פּלוצעם: דער פיש, ווי אַ שלאַנג, האָט פאַרדרייט ארום האלדז זיך ביים פויער...
און ס׳האָבן צוטאָרגנט די פישער אַ שיפל אַ ליידיקס געפונען...

— — — — — — — — — — —

באַלאָדענע דובן און באַרזשעס דאָס אָרט מיידן אויס אָפּט מיט ציטער...
עס איילן דורך פּלאַוויצעס, פישער דאָ נאָענט קען נעץ נישט פאַרשפּרייטן.
פליסאַקעס, וואָס טרייבן דורך פּאַסן, זיך צלמען איבער מיט פּחד,
אַזוי ווי מע צלמט זיך איבער, דערזעענדיק שוימען אַ טויטן...

און טרעפט אַ בלוי־זילבערנע נאַכט — בלאָנדזשען צאַרטע, פאַר־
כישופטע טענער —
אין גערטנער, ביי וואַסער־פּאַלאַצן, רוסאַלקעס דאַן טאַנצן און
שטיפן...
מיט לאָקן צעלאָזטע זיי טויכן אַרויס פון די מאַט־בלויע כוואַליעס
און רופן מיט נאַקעטע אָרעמס צו זיך אין די טונקעלע טיפן...

— — — — — — — — — — —

* * *

אין גרויע באַגינענס דער הימל הענגט נידעריק איבער די זומפן —
אַ קעלער־סופיט אַ געוועלבטער אין אַלטע פּאַרצייטיקע שלעסער.
עס ציען זיך וועלדער טשעראַט העט אין בלוילעכן נעפל פאַרזונקען,
עס חלומט דער גרינער פּאַלעסניק ביי די אָזיערעס גרויסע
פּאַליעסיער.

און ס'וועקט דער באַגין אויף דעם דזשונגל מיט שלענג, טשערע־
פּאַכעס און שרצים.
באָטשאַנעס רויט־פּיסיקע שפּרייזן מיט שטאָלצע, יחסנישע בליקן,
און איבער די בלוילעכע אָזיערעס פלאַטערן זילבערנע מעוועס,
צעברעכן דעם שפּיגל פון וואַסער נאָך פיש אינעם טייך זיך צו טוקן.

פּילפּאַרביקע זומפּ־פויגלען שוועבן, ווילדע קאַטשקעס און גענז,
קוראָפּאַטוועס
איבער קוסטעס, קאַלוזשעס און סטויגן מיט ווילדן געשריי און
געצאַפּל.
און ס'דוכט: אויף די וואַסערן גרויסע וועט באַלד זיך דאָ נח באַ־
ווייזן
און אָפּקלייבן פּאָרוויז פון אַלע אין תיבה צו שיצן פון מבול...

3.

עס שלומערן וועגן און שליאכן — קאַליווזשעס און זאַמדיקע
וויסטעס.
עס הויבט אויף אַן אָקסן־געשפּאַן דאָרט אַ שטויב אויף די זאַמ־
דיקע שטעגן,
און איבער די זומפּיקע שליאַכן, ווו ס'לויערן אימה און אומקום
קומט זעלטן אַ זינקענדיק פורל די האַרבסטיקע וויגטן אַנטקעגן.

עס קרייצט ווו אַ ווינט־מיל די ווייטן. אַ וואַסער־מיל קרעכצט ביי
אַ גרעבליע,
אַן ווילן זיך קעגנצושטעלן דעם שטראָם, וואָס באַפאַלט זייגע
רעדער.
עס בראָדזשעט אין פעלד ווו אין וואַסער אַ סטויג, צי אַ כאַטע
אויף סלופּעס,
און ס'דרימלט — אין ביימלעך און קוסטעס פּאַרטוליעט — אַן
איינזאַמער כוטאָר.

מיט רויך פון מאַכאָרקע זיך וואַרגן אין ווינטער־נעכט יידישע
קרעטשמעס,
ווי וועג־סלופּעס, גרוי־אָפּגעשיילטע, צעזייט איבער עלנטע מיילן;
באַזאָרגט זייגען טירן און לאָדנס מיט שלעסער און אייזערנע
שטאַבעס;
ס'נאָגט טיף אין די הערצער די אימה פאַר רויבערשע העק און
קינזשאַלן.

און ס'דרימלען אין שאָטן פון וועלדער, ביים שפּיגל פון וואַסער,
ישובים.
בעריאָזעס, ווי פּאַסטעכער, היטן די כאַטעס, ווי דרימלענדע לעמער.
ביי יעטווועדן הערפּל — אַ צלם; אין יעטווועדן וואָלאָסט — אַ
צערקווע;
אין יעטווועדן שטעטל — אַ ברונעם: אַ שטאַנג און אַ הילצערן
עמער.

און ס׳וואַקסט, ווי דער מאָך אויף די דעכער, און ס׳בליט ווי דער שלייִם אויף די זומפּן,
דער עלנט אין יידישע שטעטלעך, וואָס צאַנקען, ווי ליכט־פּלעמ־לעך בלאַסע.
גאָר ס׳טרינקען, ווי ווייַן, שוין דעם אומעט די פּראָסטע די שטעטלשע יידן
מיט הענט האָרעפּאַשנע, וואָס ציען חיונה פון וואַלד און פון וואסער.

ברייט־פּלייציקע יידן פאַרברוינטע, מיט נאַרטלען און שטריק אויף די לענדן,
געפּרוווטע אין שרעק און סכנות, געוווינטע צו רעגן און שנייען.
זיי ליבן דעם וואַלד און דאָס וואַסער און לאָזן אין פינצטערע נעכט זיך
אין חעג אויף בּאראָט פון די טייכן, אָן שפּרוכן און סגולה־קמעות.

און ס׳ווייזט זיי זייַן חסד דאָס וואַסער, און ס׳וועט זיי דער זומפּ נישט פאַרפירן...
נישט מזיק זיין וועלן זיי רוחות און לצים אויף נאַכטיקע וועגן,
זיי ווייסן דעם גאַנג פון די שטערן, זיי קענען דעם לויף פון די ווינטן
און ברענגען די שיפן די שווערע בשלום צו שטאָטישע ברעגן

מיט קוילן, געברענט אין די וועלדער, מיט האָלץ און מיט טעפּ האָראָדנויער
און שפּייַזן מיט ברויט, מיט קאַרטאָפל און הערינג דעם טעגלעכן דלות.
אין מדבר פון וואָכן־טעג גרויע — אַ אייַנציקער זון־פלעק — דער שבת
מיט ליכט אין אַלט־מעשענע לייכטער, מיט ווייַן און מיט ווייצענע חלות.

נאָר מאַמעס, ווי בלעטער פאַרגעלטע, באַטרערן די פרייד פונעם
שבת.

צעטראָטענע האָפנונגען ליגן ווי אין פריילינג צעטראָטענע בליטן.

עס זיינען זיך קינדער פון היימען, ווי פויגל פון נעסטן צעפלויגן...

כ'האָט צייט זיי אויף זעלטענע קורצע פּאַפּירענע בריוולעך
פאַרביטן.

און ס'בענקען דאָ טעג נאָך די קינדער, וואָס האָבן געליבט און
געהייליקט

די ערד און דעם וואַלד און דאָס וואַסער, און גלייך ווי די טאַטעס
און זיידעס,

געזוכט אין די טייכן דאָס מזל — „דאָס גאָלדענע פישעלע"
פאַנגען...

און ס'איז נאָך דאָ אָפט די לבנה פון הייליקע שבועות און עדות.

און מעגן ווו פייפן סירענעס, און מעגן ווו רוישן טראַנסמיסיעס,

דאָ קלינגט נאָך פאַרחלומט און האַרציק דאָס ליד פון דער
„גאָלדענער פּאַווע"...

און טרעפט, אַז אַ פּאָרל פאַרבלאָנדזשעט ביינאַכט אין די
טונקעלע וועלדער,

איז פּשוט און פראָסט זייער גליק, ווי די ליבע פון אדם און חוה.

## 4.

ווי ביליקע טעפיכער ליגן ביים ראַנד פון די דערפלעך די פעלדער.
צום וועג בליקן כאַטקעס, פאַרטייעט, דורך וואַלדיקע מאָכיקע שטאַמען.
די שייבלעך ווי אויגן פאַרזאָרגטע; ווי ליים־גרובן פייכטע — די דילן;
עס ווייען די שטרויענע דעכער מיט אָטעם פון האַרבסטיקע לאַנען.

עס גלאָצט נישט קיין קוימען צום הימל פון דאָרפישע דעכער פּאָלעסיער.
דער רויך, ווי אַ כמאַרע אין כאַטע, קריכט פויל צו דער לאָך אין דער סטאָליע,
זיינען פנימער פינצטער־פאַרוואָלקנט, וואַקסט דער קאָלטון אויף קעפּ און ער אייטערט...
ווערן אויגן מיט בלינדקייט געשלאָגן, צו באַוויינען די פויערשע דאָליע.

אויף ווענט בליען קווייטן פון ווילגאָטש, אַלץ טרינקט אין אומענדלעכן צער זיך,
דער בליק פון דער הייליקער מוטער שווימט אום אינעם רויכיקן נעפּל.
ווי מאָן־בלומען — רויטע לוטשינעס באַלייכטן דעם פּויערשן דלות:
אַ מולטער — דאָס קינדערשע וויגל; אַ קופערט, אַ בענקל — דאָס מעבל.

די זוניקע לײמענע שיסל, דער הילצערנער לעפל אין כאַטע
פֿאַרבײַדערט די גאַנצע משפּחה, װי טשערעדעס לעמער און רינדער.
איבײַנעם מע טײלט דאָס געלעגער אױף האַרטע, אױף שטוציקע
גאַרעס;
צוזאַמענגעפּלאָכטענע כראַפּען פֿאַרמאַטערטע פֿויער־געזינדן.

אין חושך, אין שמוץ קומען קינדער און װערן, װי זאַנגען,
פֿאַרשניטן...
און די, װאָס דער טױט האָט געמיטן, זײ װאַקסן אַרױס פֿון די
שמאַטעס.
עס הײלט זיך מיט גרעזער דער פֿויער, און אומעטום זעט ער
סימנים:
באַזעצט אױף זײַן דאַך זיך אַ בושל — קומט שלום און גליק אין
זײַן כאַטע.

עס מישט אױס דער פֿויער זײַן שװײס מיטן בלוט פֿון דער אָרעמער
הײם־ערד,
װאָס שפּײַזט אים; זײַן האַרץ איז פֿאַרבימערט, ער קרעכצט
אונטער לאַסט פֿון איר גורל.
זײַן גוף, װי איר לײַב, גרוי און מאָגער, די האָר זײַנע —
זומפּ־פּלאַנצן װילדע;
די אויגן — װי אָזיערעס שטילע, װאָס בענקען נאָך זוניקן שמײכל...

ער זײט מיט אַ תּפֿילה זײַן תּבֿואה און נעמט אױף אַ גאַסט מיט
אַ ברכה
און האַרציק און ברידער־לעך־נאָענט צום פֿרעמדן די רײד זײַנע
קלינגען.
ס'איז פּשוט זײַן שפּראַך, װי זײַן סאָכע, באַטעמט, װי דאָס קאָרענע
ברױט זײַנס,
און װאָרעם אַזױ — װי די זאַפּטן און גרונטן אין פֿרילינגדיק־יונגע.

פאַרוויגט טיף אין בלוט איז זיין שנאה, און פול זיינע בליקן מיט אומעט.
דעם ברויז פון זיין רויער נשמה ער לעשט מיטן ביטערן טראָפּן...
און נישט נאָר אויף רוישיקע שמחות — ער טרינקט אין די ביטערסטע רגעס,
ווען ס'קעלבל דאָס לעצטע פאַרקויפט ער, אַ לעצט זעקל ברויט און קאַרטאָפל.

אויף וואַסערן — זומער פאַרהאַוועט, דרעשט אָסיען אין רייבע סטאָדאָלעס,
האַקט ווינטער פּאָלאָנקעס און בוימער. פירט היי אינעם פריצישן שייער.
דאָך זעלטן ווען ווייסן פון פעטקייט די ליימענע טעפּ אין זיין כאַטע...
און האַרט איז זיין שטרויענע קישן, און קאַרג איז אין אויוון דאָס פייער.

און פויערטעס שפּינען און וועבן, און פּאַשען די שאָף אויף די לאָנקעס;
פון פלאַקס, וועלכער בלויט פאַר דער כאַטע, דאָס פויערשע העמד ווערט געבוירן.
ס'איז אייגענע פּראַצע: די טאָרבע, די פּאָסטעלעס, שטרוי=הוט און גאַרטל.
און אייגענע מי איז די סוויטע — פון וואָל פון די שעפסן געשוירן.

און דאָרפישע טעכטער — געוואַקסן צוגלייך מיט די טונקעלע וועלדער,
מיט שטילע און לויטערע אויגן, און וואַרעמע לויטערע הערצער —
מיט קוישלעך. נאָך יאַגעדעס זומער. זיך לאָזן אין טוי פון באַגינען,
און האַרצדייסנד=טרויעריק קלינגט דאָס געזאַנג פון די דאָרפישע טעכטער.

דער צער פון די גרייז־גרויע הימלען, דער גרוי פון די ערדישע פלאַכן
האָט טיפער געמאַכט אין נשמה די בענקשאַפט נאָך בונטע קאָלירן.
אין סטאַניקעס, בלוזקעס, באַבלוטטע, באַקווייטלטע פאַרביקע טיכער,
אין פאַטשערקעס, סטענגעס און ליענטעס די דאָרפישע טעכטער זיך צירן.

ווען פוסט און פאַרגעלבט בלייבן פעלדער — אויף ווינטער אין שטאָט אַריין דינען
גייען פויערטעס יונגע — געטריבן פון נויט און פון היימישע זאָרגן.
און שפּייט אויס די שטאָט ווען שפּעטער, פירט דעמלט דער וועג זיי אַליין שוין
פון זאַטע און ליכטיקע זאַלן אויף טונקעלע נאַכטיקע ראָגן.

5.

אומעטנדלעכע טעג דרעשן רעגנס די שטרויענע דעכער פאָלעסיער
עס וואָיעט דער ווינט ארום שטיבלעך, וואָס זינקען אין זומפ ביז גאַרטל.
דער ניגון פון „גאָט פון אברהם“ מאַכט שמערצלעכער, טיפער דעם עלנט,
ווען אומזיסט זוכן מאַמעס אין פענצטער אַ שטערן אין שבת־פאַרנאַכטן.

כ'זיינען צלמים מתפלל מיט טרערן אין האַרבסטיקע נעכט אויף די וועגן,
און ס'פייניקן קינדער אין שלאָף די געשטאַלטן פון שרעקלעכע מעשות
אין פרי־יאָר פאַרפלייצן די טייכן אומענדלעכע ווייטן פאָלעסיער,
דאַן וואַרט מען, עס זאָל זיך אַ טויב מיט אַ בלאַט אויפן וואַסער באַווייזן.,,

איין פרייידיקן יום־טוב פאַרמאָגט נאָר מיין היים־ערד: דעם ליכטיקן ווינטער,
וואָס עפנט אויף אוצרות, נעמט וועבן פון לוימערסטן זילבער וואַלן,
נעמט שנייען מיט צאַרטע בריליאַנטן, עס זאָלן צעהוליעטע פערדלעך
צעשיטן די טרעלן פון גלעקלעך אויף ליכטיק־צעזונענע מיילן:

די פלאַמען פון ברענענדע בלאָטעס — מזבחות פאַר הייליקע געטער —
אין ווינטער־נעכט רופן אין דזשונגל, ווי יום־טובדיק־רויטע שטורקאַצן.
עס ליגן די זומפן פאַרקאָוועט, און ס'טאַנצן די ווינטן מיט שמחה,
און ס'הוליען און ס'דרייען זאַווייען און פויקן אין זילבערנע טאַצן.

צעבלויען זיך הימלען מיט זון איבער אייז=קאַלטע דימענטן=
סטעפּעס.
ראָס האַרץ גיט אַ צאַפּל, כאָטש שווים און כאָטש וועד אין דער
רחבות פאַרלאָרן!
אָ, הערלעכע זילבער=מדבריות, ווער האָט אייער אָטעם געטרונקען,
דערפילט אייער כישוף, און איז ניט ביז וואַנזין פאַרשיכורט
געוואָרן?!

איצט פייערט מיט לעבן מיין היימלאַנד — מיט פרייליכן הוק
פון די וועלדער,
מיט פריידיק געזאַנג פון טאַרטאַקן, מיט רוישיקע מערק און יאַרידן;
מיט פיש=פאַנג אין בלויע פּאָלאָנקעס, מיט קנאַלן פון יאַגד=ביקסן
פלינקע,
מיט רוישיקע, דאָרפישע שמחות, מיט טענץ, מיט האַרמאָשקעס
און לידער.

נאָר קאַרג איז די פרייד די געבענטשטע — אַ לויטערער,
זילבערנער חלום.
וויקלען אָפּ זיך די שנייען=באַנדאַזשן, בלייבן ווידער די נאַקעטע
ווונדן,
און ווידער פאַריתומט און עלנט און קראַנק בלייבט מיין אָרעמע
היימערד,
וואָס טראָגט אין איר בלוט די באַצילן פון בלינדקייט, מאַלאַריע
און שווינדזוכט.

און ס'ווייגט שטיל און ס'בעט זיך מיין היים=ערד: „אָ, ווער וועט
מיין גוף קומען היילן?
ווי לאַנג וועט מיין לייב זיין פאַרשאָלטן? ווי לאַנג וועט מיין
טראַכט זיין פאַרשלאָסן? —
כ'קען היימען פאַר טויזנטער געבן און ברויט פאַר מיליאָנען
געבוירן!
ס'קען זוניקע פרייד גאָלדיק בליען, ווו ס'יאָמערן ווינטן און
טאָוועס!“

עס ווילן די וויסטעס דערפילן די מאַסע פון בוימע געבייען,
און מאָרפיקער זומפּ — זיך צעכוואַליען מיט גאָלדענע ווייצן אין קאָרן;
עס ווילן זיך אור־ווילדע הזשונגלען באַצירן מיט רעלסן און הערן
דאָס סאָפּען פון אייליקע צוגן און פריילעכן רויש פון מאָטאָרן.

אָ, וועסט זיך נאָך, לאַנד מיינס, דערהויבן פון פינצטערן זומפּ,
פון טומאַנען,
מיט כוח פון מענטשלעכן ווילן מיט ברכה פון אַקער און בראָנע.
געבענטשט וועט די האַנט זיין, מיין היים־ערד, וואָס וועט פון דיר אָפּטאָן די קללה,
זאָלסט אויפגיין אין ליכטיקן וווּנדער מיט שפע פון מילך און פון האָניק!

פינסק, 36 — 1937

# פריי זיך, פּאַלעסיע!

פריי זיך, מיין היימלאַנד פּאָלעסיע,
פריי זיך, מיין גליקלעכע ערד,
דיין רוף איז געוואָרן פאַרנומען,
דיין ווײ איז געוואָרן דערהערט!

אויך דו האָסט צו פריידן דערוואַרט זיך,
אויך דו האָסט דערוואַרט זיך דיין צייט
צו ווערן דערלייזט פון דיין עלנט,
צו ווערן פון קייטן באַפרייט!

אויך דו האָסט דערוואַרט זיך דיין יום־טוב,
דעם יום־טוב פון יזון און פון גליק,
אַזוי ווי דיין עלנטער פויער,
אַזוי ווי דיין אָרעמער ייד.

נישט זיין וועלן מער דיינע הימלען
מיט נעפּלען און וואָלקנס פאַרשטעלט;
נישט זיין מער וועט מאָגער דיין שייער,
און פוסט דיינע זאַנגען אין פעלד.

באַצילן פון שווינדזוכט, מאַלאַריע
נישט מער וועלן פרעסן דיין לייב,
פון בלאָטעס, פון טאָרפיקע וויסטעס
וועט אויפגיין אַ לעבן אַ נייס: —

צעכוואַליעטע גאָלדענע זאַנגען
און לאַנקעס צעבליטע אין זון.
דיין פנים, צעקנייטשט און פאַרעלטערט,
וועט אויפשיינען פריידיק און יונג!

זוו אָפּגרונטן האָבן געלויערט,
באַהאַלטן און ווילדן טשעראַט,
וועט גרינען אַ זוניקער גאָרטן,
וועט בליען אַ פּרעכטיקער סאָד.

אויף זומפּן, וואָס האָבן נישט קיינמאָל
געפּילט נאָך קיין מענטשלעכע טריט,
וועלן ביימער פון עפּל און קאַרשן
זיך הנדלען אין ווייס-ראָזן צוויט.

און וווּ ס'האָבן שלאַנגען געגעסטיקט,
און וווּ ס'האָבן סאָוועס געוויינט,
וועט לויכטן אַ מענטשלעכער ישוב,
וועט בליען אַ ליכטיקע היים.

און וווּ ס'האָבן קאַטשקעס געשריגן,
די שטילקייט געוועקט ווילדע געגנט,
אַ טראַקטאָר דאָס ליד וועט דאָרט זינגען
פון נייעם, פון פריידיקן מענטש.

און ס'וועלן די אָזיערעס, טייכן
מיט שמחה באַטרינקען דיין ערד,
זיך שפּיגלען אין זיי וועט דיין שיינקייט.
וועסט לאַכן מיט שפע און זעט!

טאָ פריי זיך, מיין היימלאַנד פּאָליעסיע,
דיין רוף איז געוואָרן דערהערט,
מיט מילך און מיט האָניק וועט פליסן
דיין פריע, דיין גליקלעכע ערד!

פּינסק, אַפּריל 1941

# צוריק אהיים

וויפל טעג געהאַט האָב איך קיין רו,
און וויפל נעכט האָב איך קיין אויג נישט צוגעשלאָסן!
פון וואָס כ'האָב נישט געטראַכט, איז ווידער דו,
איז ווידער דו האָסט רועז נישט געלאָזן.

דו פלעגסט צו חלום קומען מיר ביינאַכט,
געבעטן הילף, כ'זאָל דיר א האַנט דערלאַנגען,
נאָר וויפל וועג צו דיר כ'האָב דורכגעמאַכט,
און צו דיין שוועל כ'בין קיינמאָל נישט דערגאַנגען.

און איצטער וועל איך קומען אויף דיין ערד,
ווער ווייסט, ווער ווייסט, וואָס איך וועל דאָרט געפינען?
די האָפענונג, וואָס האָט מיך דאָ גענערט,
וועט זיין דער גרונט פאַר אויפבוי אויף רואינען.

כ'וועל אומגיין און באַטראַכטן יעדעם אָרט
און זען וועל איך די שפורן אַזוי בולט,
ווו וואַנזין האָט געבושעוועט און מאָרד,
און ווו א גאַנצע שטאָט איז אויסגעקוילעט.

און זען וועל איך אין זאַמד נאָך זייער טראָט,
און הערן כ'וועל אין לופט נאָך די געשרייען
פון אַלע ליבע מענטשן פון מיין שטאָט,
וואָס וועלן מער מיין אויג שוין נישט דערפרייען.

נאָר אויפגיין וועט א לעבן ווידער ניי
און דאַן איין טרייסט וועט האָבן מיין נשמה
און איין פאַרגוטיקונג — אויף יעטוועדן געביי
זוי פרילינג־צווייט וועט שיינען זייער נאָמען.

סאמארקאנד. 1944 י.

# א י נ ה א ל ט:

## I. רויִנען אין זון.



## II. מיין זונעלע

## III. זוניקע שטאַפּלען.



## IV. אונדזער ליבע



## V. זאַפט פון דער ערד

## ביכער דערשינענע אין אונזער פאַרלאַג:

1) „מלכות־געטא״ — נאָוועלן פון ישעיהו שפיגל
2) „דער מענטש וועט גוט זײַן״ – משלים פון ל. אָליצקי
3) „אויף די חורבות״ – פּאָעמע פון חיים גראַדע.
4) „מים אש אויבן קאָפּ״ – לידער פון א. זאַק
5) „א בוים אין ווינט״ – דערציילונגען פון י. אָקרוטני.
6) „ייִדן און געלע לאַטעס״ – סקיצן פון ה. סמאָליאַר.
7) „מלך שאול״ – ביבלישע טראַגעדיע פון י. אַשענדאָרף.
8) „דער אָפּגרונט רוישט״ – לידער פון גוטע גוטערמאַן.
9) „א ייִד צווישן פויערים״ – פּיעסע פון ש. דיאַמאַנט.
10) „דורך שאָטן און שײַן״ – לידער און פּאָעמען פון בינעם העלער
11) „א פענצטער צו דער וועלט״ – לידער פון פּסח בינעצקי
12) „צו לויטערע ברעגן״ – לידער פון רײַזל זשיכלינסקי

## ביכער פון לייב מאָרגנטוי:

1) „אויף פּאַלעסיער ערד״ – לידער און פּאָעמען
אַרויסגעגעבן דורכן מאָרגנטוי־בוך־קאָמיטעט אין פּינסק, וואַרשע, 1937.
2) „אונטער פּאַלעסיער הימלען״–לידער און פּאָעמען.
אַרויסגעגעבן דורכן מלוכה־פאַרלאַג פון ווייסרוסלאַנד, מינסק, 1941.


רעדאַקציע פון פאַרלאַג:
ל. אָליצקי, ד. ספארד